פ. קאַץ

# געקליבענע שריפטן

## באַנד IX

ארויסגעגעבן פון א
געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
ביים פאַרלאַג „איקוף“



בוענאָס-איירעס
1947

# חיזוק, קיום און המשך

חיזוק און קיום זיינען אפילו גאנץ אלטע טערמינען ביי אידן; מען פלעגט זיי שטענדיק ארויסזאגן אין שייכות מיט א צווייטן טער־מין: יהדות. דאס אייגענע מיט המשך. אין ארגענטינע, אבער, אין דער ארגענטינער אידישער פובליציסטיק, זיינען די טערמינען בערך גאר נייע.

העכער 50 יאר ווי אידן, איינגעוואנדערטע און דא געבוירענע שוין, האבן ניט אויפגעהערט בויען זייער ישוב — בויען, מיין איך, ניט מיט הייזער צום וואוינען פאר זייערע פאמיליעס און נישט אפילו מיט קראמען און ווערקשטאטן, וואס דאס איז א פריוואטער ענין פון יחי־דים, און טאקע פון יחידים אינעם זין פון געציילטע — נאר מיט אינסטיטוציעס פאר זייערע קהלשע און כלל־אידישע באדערפענישן: זארג פאר די מתים, הילף פאר ארימע און קראנקע, פאר יתומים און זקנים, דערציונג, טעאטער, ביבליאטעקן, קלובן, צייטונגען, פאר־טייען, לאנדסמאנשאפטן, שוין אפגערעדט פון שילן צום דאווענען... העכער פופציק יאר, אז זיי האבן א רגע נישט אויפגעהערט לעבן דא א געזעלשאפטלעך אידיש לעבן, אזוי ווייט, אז, ווי אומעטום, האבן אנ־טיסעמיטן און אפילו אזעלכע וואס ווילן דאס נישט זיין, נאר עס איז זיי פרעמד אט דער דראנג פון אידן צו לעבן זייער אייגן גע־זעלשאפטלעך לעבן, גענומען קוקן קרום דערויף אדער פרעגן די פראגע פון דעם רשע אין דער הגדה: מה העבודה הזאת לכם... נאר מיר אידן גופא האבן א רגע זיך נישט אפגעשטעלט זיך צו פרעגן,

וואס אזוינס טוען מיר. פונקט ווי די בין שטעלט זיך נישט אפ פרעגן צו וואס זי זאמלט דעם האניק און טראגט אים אינעם בינשטאק און פונקט ווי עס פרעגט נישט די מוראשקע צוליב וואס זי טראגט צו־נויף אלץ וואס זי קען אויף צו בויען דעם מוראשניק פאר דעם גאנצן מוראשקע־פאלק.

דערהערט, אז דא האט זיך אויפגעבויט א אידישער ישוב, אן ארגאניזירט אידיש לעבן, האבן געקומען פליסן צו אונדז משולחים פון אנדערע אידישע ישובים, פון די עלטערע און גרעסערע, עלטער און גרעסער אין געזעלשאפטלעכע און אין קולטור־אינסטיטוציעס און זיי פארבונדן מיט אונדזערע. טייל האבן געבראכט קולטור, גייסט אידישן און ארויסגעפירט געלט, עפעס זיינען מיר דאך אן אמעריקא־נער ישוב און עס איז א לאנגסטיקער האנדל געגאנגען צווישן די אלטע אידישע ישובים אין אייראפע און באזונדערס דעם ארץ־ישראלדיקן, מיט דעם אמעריקאנער, א האנדל פון עקספארט און אימפארט: נא דיר גייסט, גיב מיר געלט...

איך זאג עס נישט לגנאי, חלילה, נאר ווי אן אנווייז ווי אזוי עס האט זיך געשאפן נישט נאר ספאנטאן, נאר אויך ארגאניזאציאנעל, דער קאנטאקט צווישן אונדזער נייעם אידישן ישוב מיט די אלטע און מיר האבן זיך געפילט, אויך גאנץ נאטירלעך, ווי א טייל פון דער אידישער וועלט, אינעם נאציאנאל־קולטורעלן זין. מיר האבן אויך אזוי, גאנץ נאטירלעך, אנטיילגענומען אין די אלוועלטלעכע אידישע קאנגרע־סן: אין די הילפס־צוזאמענפארן, קולטור־צוזאמענפארן, ציוניסטישע און קעגן אנטיסעמיטיזם. מיר האבן אויפגענומען דעלעגאציעס און געשיקט דעלעגאציעס און מיר האבן דאס נישט אויפגעהערט טאן ביז היינ־טיקן טאג. און וואס ווייטער אלץ מער און אינטענסיווער און פעס־טער און באוואוסטזיניקער, ווארום אלץ גרעסער און פעסטער און באוואוסטזיניקער וואקסט אונדזער ישוב.

אמת, דער וועג איז נישט אזא אויסגעפלאסטערטער. געווען איז ביי אידן אין אלע צייטן און אין אלע לענדער א מכה אזא, וואס האט זיך גערופן אסימילאציע. אין די עלטערע צייטן, אין די גאר אלטע,

אין דער מידבר נאָך, דערציילט דער חומש, האָבן אידן, וואָס האָבן ערשט געהאט באַקומען די תורה, גענומען טאַנצן אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב; דערנאָך דערציילט זיך פון אידן, וואָס זיינען פאַרפירט געוואָרן פון אַזעלכע מוידן ווי כזבי בת צור, צו דער עבודה זרה בעל פעור; אין אַחאבס צייטן האָבן אידן געדינט צום בעל, צו בל און עשתרות און צום מולך און אַלערליי אַנדערע געטער פון עמון און מואב; אין דעם גאַנץ קורצן משך פון די זיבעציק יאָר גלות בבל, האָבן אידן באַוויזן אָנצולעבן נישט נאָר אַזעלכע צדיקים ווי דניאל און ווי מישאל חנניה ועזריה, וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם אינעם לייבן־גרוב און אינעם קאַלך־אויוון, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט עסן קיין טרפות און טרינקען נסך פון נבוכדנאצרס טיש, און אַזעלכע נאַציאָנאַליסטן, ציוניסטן און קולטור־טוער, ווי זרובבל בן שאלתיאל, נחמיה און עזרא הסופר, נאָר אויך אידן וואָס האָבן פּראַקטיצירט נעמישטע חתונות... און אַז מען איז צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל, האָט מען שוין גערעדט אַרמיש און נישט קיין לשון קודש און באַלד דערנאָך איז אונטערגעקומען די פּלאָג פון העלעניזם אין ארץ־ישראל.

אינעם מיטלאַלטער, ווען דאָס ביסל גייסטיקע לעבן אַרום האָט זיך געאויסערט בלויז אין רעליגיעזן שטייגער, האָבן אידן אין פאַרשידענע לענדער דורכגעמאַכט שמד־מגפות. דאָס רעליגיעזער אידן האָבן געלעבט אין אַ לאַנד, אַלץ גרעסער איז דאָרט געווען די שמד־מגפה. מען רעדט נישט פון גזרות השמד, וואָס האָבן אונדז געבראַכט הונדערטער טויזנטער אַנוסים אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אָדער די אויסשמדונג פון די קינדער קאַנטאָניסטן אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם 1טן אין רוסלאַנד, נאָר גראָד אין דעם פרומען טערקיי פון איין זייט און אין דעם פרומען פוילן פון דער צווייטער זייט, ווי אַ מין סאָציאַלע באַוועגונג צווישן אידן, נאָך שבתי צבי און נאָך יעקב פראַנק.

אין אונדזערע מאָדערנע צייטן פון געוויסנס פרייהייט, פון עמאַנציפּאַציע, פון געעפנטער געטאָ, פון אינטעלעקטועלער קאַריערע, איז שמד גראָד אַ זייער זעלטענע דערשיינונג, נאָר אידן האָבן זיך גענומען „מענטשלען", זיך קליידן און ריידן אייראָפּעיש, זיך אַריינוואַרפן אין די אַלגעמיינע סאָציאַלע באַוועגונגען, אין דער אַלגעמיינער קול־

טור פון די לענדער און פארגעסן אָדער אינגאנצן אויסמיידן דאָס רייסן זיך פון דעם אידישן „המון”, דעם אידיש ריידנדיקן, צו קול־טור, און דעם קאמף וואָס ער פירט פאר זיין רעכט, אין זיין געזעל־שאפט, אין זיין סביבה, מיט זיינע מיטלען פון אָרגאניזאציע.

אָט דאָס אנטלויפן פון דעם אידישן געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן, וואָס מיר רופן אסימילאציע און האָט ביי אונדז צוגענומען א סך אינטעליגענץ און א סך יוגנטלעכע ענערגיע אין אלע אונדזערע ישובים, האָט אויך אונדזער יונגן ישוב א סך אינטעליגענץ און יוגנט־לעכע ענערגיע אָפּגעצאפּט.

מיר ווייסן נישט, צי מיט מוסר זאָגן און מיט דער גרינדונג פון ישיבות, וואָלטן מיר אָפּגעהאלטן אָט דעם שטראָם, נאָר א פּראָבלעם איז עס און מיר זוכן אין דער געזעלשאפט די טענדענצן, וואָס קענען דעם שטראָם פארקירעווען אויף צוריק.

מיר זוכן די טענדענצן, לויט דער דערפארונג, וואָס מיר האָבן געהאט אין די ישובים פון מזרח־איירָאפּע, וואו די גרויסע פאָלקס־באוועגונגען, דער ציוניזם, די ארבעטער־באוועגונג, דער סאָציאליזם, האָבן גרויסע מאסן פון אידישן פאָלק און באזונדערס די יוגנט, אריינ־געצויגן אין דער ספער פון אידישן קולטור־לעבן און קולטור־שאפן; זיי האָבן פון אָט־דער יוגנט ארויסגעבראכט א נייע אידישע אינטע־ליגענץ און אויך צוריקגעקערט צום אידישן לעבן און צום אינטערעס מיט די אידישע פּראָבלעמען א סך פון די פריער אוועקגעגאנגענע.

פון אָט דער דערפארונג לערנען מיר, אז אויב מיר וועלן פירן אונדזער אידיש לעבן אויף דעם וועג פון קאמף און מאסן־באוועגונג, אז אויב מיר וועלן ריכטן אונדזער געזעלשאפטלעכקייט אין דער זייט פון מאסן־אָרגאניזאציע, וועלן מיר האָבן מיט זיך אויך די יוגנט און די אינטעליגענץ. און די אסימילאציע? זי וועט זיך זיכער אָפּנעמען אירם אויף וויפל אירע פאקטאָרן הערן נישט אויף צו ווירקן, אָבער אירע קרבנות וועלן זיין א סך ווייניקער און די וואונדן, וואָס מיר וועלן פון איר באקומען, וועלן נישט זיין אזעלכע טיפע ווי ביז איצט.

אזוי האָבן מיר, די קולטור־טעטיקע, די בויענדיקע מענטשן פון אונדזער ישוב געדענקט און געטאָן, און מיר וואָלטן אויך ווייטער

אזוי געטאָן, איבערלאָזנדיק אָט די טערמינען „חיזוק" און „קיום" און „המשך" פאר דער פובליציסטיק פון דער יהדות, פון דער פארגליווערטער אידישקייט, וואָס מוז אָנקומען צו די מיטלען פון קינסטלעכן אָטעמען; מיר וואָלטן זיך צו זיי נישט צוגעהערט, ווי עס הערט זיך נישט צו א געזונטער מענטש צו זיין דפק, ווען אָט די טערמינען רייסן זיך נישט ארייַן אין אונדזער לעבעדיקער אידישער פובליציסטיק דורך שרייבער וואָס זיינען ארונטערגעפאלן אונטערן פחד פון א אידישן אונטערגאַנג אין דער פאַרביזנעוועטער קאַריערישער אמעריקע, וואָס צעשמעלצט אין גאָלד אַלץ וואָס טרעפט זיך איר אין וועג, דערין אויך די אידישע קולטור, וואָס די אידישע איינגעוואַנדערטע האָרעפּאשנקעס האָבן דאָרט באוויזן צו שאפן אין די גרינע יאָרן זייערע און — אין דער נאציזירטער אייראָפּע, וואו די קאָסע פון דעם נאצישן מלאך המות האָט אונטערגעשניטן די אידישע ישובים צוזאמען מיט זייער גייסטיק לעבן.

מיר ווייסן און מיר גלויבן, אז קיין אייביקע זאכן זיינען אויף דער וועלט נישטאָ, באזונדערס זיינען נישט אייביק די געזעלשאפטלעכע פורעניותן, וואָס פארדארבן און פארוויסטן לענדער און קאָנטינענטן, און דערפאַר גלויבן מיר, אז אויך דער פאַרדאַרבנדיקער אָטעם פון דער פאַרביזנעוועטער אַמעריקע, וועט מיט דער צייט זיך אויסוועפן, ווי עס האָט זיך אויסגעוועפט, למשל, די פאַרדאָרבענע באַציונג צו אידיש ווי צו א זשאַרגאָן ביי די בערלינער משכילים, וואָס האָבן אים פאַרביטן אויף ע כ ט ן ד יי ט ש; ביי די רוסישע משכילים און שפּעטערדיקע ציוניסטן, וואָס זיינען אַרוים מיט אַזעלכע לאָזונגען ווי „זשאַרגאָן פּע!" און „עברית או רוסית" און אויך ביי דער אידישער אינטעליגענץ אין צאַרישן רוסלאַנד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און אַזוי גלויבן מיר, אַז ביי די ערשטע מעגלעכקייטן פון אידישן ווידעראויפבוי אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער, וועלן איינצייטיק אויפגעשטעלט ווערן די אידישע קולטור־געצעלטן און אַז אין זיי וועט אידישע שפּראַך און אידישע קולטור זיין אידענטיש מיט אידיש געזעלשאַפטלעך לעבן. דאָס ווייסן מיר שוין פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג דאָ אין ארגענטינע, וואו מיר האָבן די געצעלטן פון אונד־

זער גייסטיק לעבן אוועקגעשטעלט איינציייטיק מיט אונדזערע ערשטע טריט אויף דעם באָדן.

מיר ווייסן אָבער אויך, אַז פאַראַן זיינען רפואות, וואָס זיינען ערגער ווי די קראַנקייטן וואָס מען וויל מיט זיי היילן. און מיר ווייסן, אַז אונטער די עטיקעטן פו „חיזוק" או „קיום" או „המשך", דערלאַנגט מען אונדז נישט מער און נישט ווייניקער ווי די פאַרגליווערטע „יהדות", מיט וועלכע זיי זיינען שטענדיק געגאַנגען געפּאָרט. און פאַרגליווערונג איז טויט. שוין אָפּגערעדט, וואָס קומען צו דער אידישער יוגנט, דער וועלטלעך־און ווייסנשאַפטלעך־דערצויגענער, מיט רעליגיעזער אידישקייט ווי א רעאַקציע קעגן דער אסימילאַציע, מיינט זי פאַרטרייבן נאָך ווייטער פון דער אידישער מחנה.

איינער פון די וואָס האָבן גענומען קלאַפּן טרעוואָגע קעגן דעם אונטערגאַנג פון אידישן לעבן, קעגן דעם אונטערגאַנג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, לויט זיין מיינונג, נאָך מיט דער השכלה און מיט דעם אונטערגאַנג פון דער געטאָ און דעריבער ערנסט גענומען דעם היסטערישן געשריי פון א פאַרצווייפלטן דיכטער: „צוריק אין געטאָ!" איז געווען דאָ אין אַרגענטינע דער פאַרשטאָרבענער צבי שוואַרץ, גרינדער פון דער חודשלעכער אויסגאַבע „שריפטן", וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר א טריבונע פון דער פאַרגליווערטער „יהדות" אין אידיש און פון דער פובליציסטיק, וואָס מאַניפּולירט מיט די דערמאָנטע טערמינען.

געווען איז צבי שוואַרץ א זויבערע נאַטור, פון דורכגעלויכטענער ערלעכקייט, א דערצויגענער אויף דעם אחד העמיזם און אויף זיינע אידישיסטישע נאָכפּאָלגער, שפּעטער מגולגל געוואָרענע אין פּרעדיקער פון דער „אינטעגראַלער אידישקייט", און האָט געשעצט יעדן איינעם וואָס טוט עפּעס פאַר דעם אויפהאַלט פון דער אידישער קולטור ביי די נייע דורות. ער האָט זיך געווענדט צו מיר ווי צום פאָרזיצער פון דעם אידישן קולטור־פאַרבאַנד אין אַרגענטינע („איקוף") איך זאָל זיך אַרויסזאָגן אין די „שריפטן" וועגן דעם ווי איך זע די צוקונפט פון דער אידישער קולטור און פון אונדזער אידישן ישוב בכלל. איך האָב אים דערויף אָנגעשריבן מיין ענטפער אין אָט די זיבן

פונקטן, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אינעם נומער „שריפטן פון יולי 1942, אונטערן טיטל:

# דער קיום און חיזוק פון אידישן ישוב אין ארגענטינע

אין וואָס באַשטייט דער קיום און דער חיזוק? וואָס אַזעלכעס האָט אויפגעשטעלט און האַלט איין דעם אידישן קיבוץ אין ארגענ־טינע און באַפעסטיקט אים? — האָב איך דאָרט געפרעגט און האָב דערויף געענטפערט:

1. — דאָס געזעלשאַפטלעכע אידישע לעבן און זיינע אָרגאַני־זאציעס: די אידישע אגראַרע קאָאָפּעראַטיוועס אין די אידישע קאָ־לאָניעס, די שפּעטער צוגעקומענע קאָאָפּעראַטיוועס פון די „קוענטע־ניקעס". די אידישע בענק פון קעגנזייטיקן קרעדיט אין דער הויפּט־שטאָט ווי אין אַלע וויכטיקע שטאָטישע ישובים פון דער רעפּובליק.

2. — דאָס דעמאָקראַטישע אידישע קהילה־לעבן. די אידישע אינסטיטוציעס פון סאָציאַלער הילף, וואָס נישט געקוקט אויף דעם פילאַנטראָפּישן צוגאַנג צו זיי מצד טייל כלל־טוער, זיינען זיי אין תוך גרויסע קאָלעקטיווע שאַפונגען פון קעגנזייטיקער הילף.

3. — די לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זייער באַזע איז די ק ע ־ ג נ ז ײ ט י ק ע ה י ל ף און די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ס אָ ל י ־ ד אַ ר י ט ע ט.

4. — די אידעאָלאָגישע גרופּירונגען, וואָס אָריענטירן דאָס אי־דישע לעבן: ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע אאַ"וו.

5. — די קולטור־אינסטיטוציעס און דערציאונגס אנשטאַלטן, וואָס זיינען פון די גרופּירונגען באַהויכט און באַווירקט.

6. — אידיש טעאַטער, אַפילו דעמאָלט, ווען זיין קולטור־באַ־שטייט צייטנווייז בלויז אין דער „שכר הליכה".

7. — די אידישע פּרעסע, וואָס באַהעפט דעם ארגענטינער אי־דישן ישוב מיט דער אַלגעמיינער אידישער וועלט, מיט דער אידי־שער שאַפונג אויף אַלע געביטן, רעגט אָן צו אייגענער אָרטיקער שאַ־

פונג און מאכט פון דעם אידישן צוזאמענגעלויף אין אָ ר ג אַ נ י־ זירטן שאַפנדיקן קאָלעקטיוו.

און אז ער האָט מיך צום סוף געפרעגט, אין אומצופרידענער: — נו און וואָס דאַרף זיין דער אינהאַלט פון אָט דעם אידישן לעבן?

— האָב איך אים געענטפערט:

— אידיש לעבן!

משל למה הדבר דומה, צו וואָס איז די זאַך געגליכן? — האָב איך אים פאַרטייטשט. — צו אַ דאָרפישן בחורל, וואָס קומט מיט זיין פאָטער צום ערשטן מאָל אין דער גרויסער שטאָט און דער פאָטער ווייזט אים אָן מיט דער האַנט: זעסט, דאָס איז דער שטאָטראַט, דאָרט איז דאָס טעאַטער און דאָרט ווייטער איז אַ סעמינאַר, אַ ביבליאָ־ טעק, אַ שול, דער אוניווערזיטעט...

— נו, און די שטאָט וואו איז? — פרעגט דער בחור.

— אָט אָ דאָס אַלץ איז די שטאָט, מיין זון!

אָט דאָס אַלץ איז דאָס אידישע לעבן, וואָס מיר בויען. דער אינהאַלט איז דער אינטערעס, וואָס מיר האָבן אין דער בויונג, די באַדערפעניש, וואָס מיר האָבן אין איר. איך האָב אים אָפּגעשיקט נאָך אַ ברייטערער דערקלערונג וועגן דעם ענין „איהאַלט" און „פאָרם" צו דעם רעפעראַט פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, וואָס איז געלייענט געוואָרן אויפן ערשטן אידישן קולטור־קאָנגרעס אין פאַריז אין יאָר 1937.

דר. חיים זשיטלאָווסקי דערקלערט דאָרט אויך מיט אַ ריי משלים, פון מאַרקסעס אופן דערקלערן ווי פּראָדוקטן ווערן פאַרוואַנדלט אין סחורות, ווי פון פּאָליטישע רעוואָלוציעס קומט אַרויס נייער לעבנס אינהאַלט; משלים פון די פיזיקאַלישע געזעצן, פון דעם אידישן קול־ טור־קאַמף און טאָקע ביישפּילן פון קאָלאָניזאַציע, אין וועלכע עס קען אריין דער פאַל מיט אונדזער ישוב, ווי אַזוי פאָרם און אינהאַלט גייען איבער איינע אין די אנדערע.

פאַר די, וואָס האַלטן אַז פאָרם און אינהאַלט זיינען באַזונדערע זאַכן, אַז די געזעלשאַפט איז אַזאַ מין ליידיקער קרוג, וואָס וואַרט מען זאָל ערשט אין אים עפּעס אַריינגיסן און אַז חיזוק און קיום און

המשך פאָדערט די איינהיטונג און פארגליווערונג פון אידישן לעבנס־שטייגער, ווייל איך דאָ איבערגעבן א טרעפלעך וואָרט פונעם בעש"ט, פון ר' ישראל בעל שם טוב, דעם גרינדער פון דער חסידישער לערע, וואָס האָט אָפּגעפרישט דאָס אידישע רעליגיעזע לעבן מיט פריידיקן געזאנג און טאַנץ.

דער בעש"ט איז אמאָל געגאנגען מיט זיינע חסידים אום ווינטער איבער א פארפרוירענעם טייך, פונקט דעמאָלט ווען פויערים האָבן אויסגעהאקט פון אייז א צלם, לויט דעם מנהג, צו ווייניאכט.

דער רבי האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן און די חסידים האָבן זיך געוואונדערט:

— רבי, וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער תיפלה?

— זעט, — האָט ער זיך צו זיי אָנגערופן. — וואסער, איז דאָך, דאכט זיך, אזא ריינע זאך, ווען זי גיסט זיך און בייט זיך; ווערט זי אָבער פארגליווערט, זעט וואָס מען מאכט פון איר!...

# וואלדאָ פראַנקס וועג צו גאָט

וואלדאָ פראַנק איז אַ נאָרד־אַמעריקאַנער זייער אָנגעזעענער שריפט־שטעלער, אַ לינק געשטימטער, איז געווען אינעם ראַטנפאַרבאַנד און איז צוריקגעקומען פון דאָרט אַ באַגייסטערטער מיט דער געוואַלדיקער טראַנספאָרמאַציע פון דעם צאַרישן לאַנד איבער וועלכן עס האָט אַראָפּ־געקוקט פון מיטן מאָסקווע דער קלויסטער פון וואַסילי בלאַזשעני, אין אַ לאַנד פון הויכער וועלטלעכער קולטור; באַגייסטערט מיט דער טראַנספאָרמאַציע פון דער צאַרישער תפיסה אין לאַנד פון פרייהייט פאַר די אַרבעטער, פאַר די פעלקער.

וואלדאָ פראַנק איז אַ איד, ער שטאַמט פון מאַראָקאַנער אידן, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט קיין נאָרד־אַמעריקע. נאָר נישט אין די פאַרייניקטע שטאַטן וואו ער האָט זיך דערצויגן, וואו ער איז געוואָרן אַ שריפטשטעלער, וואו ער איז באַרימט געוואָרן און פונוואַנען ער איז באַרימט געוואָרן און אויך נישט אינעם ראַטנפאַרבאַנד, וואוהין ער איז געפאָרן באַוועגט פון זיין נייגעריקייט און מיט דעם ציל צו שטו־דירן דאָרט דאָס נייע לעבן, האָט ער זיך אינטערעסירט מיטן אידישן לעבן, מיט די פּראָבלעמען און טראַנספאָרמאַציעס, פונעם אידישן פאָלק. און צו וואָס זאָל ער עס געווען טאָן, אַז קיינער האָט אים דאָרט נישט דערמאָנט, אַז ער איז אַ איד... דאָס אידישע לעבן, דאָס עקאָ־נאָמישע, דאָס קולטורעלע, די טראַנספאָרמאַציעס וואָס דאָס דאָזיקע לעבן האָט דורכגעמאַכט און מאַכט דורך סיי אין זיין היימלאַנד, די פאַרייניקטע שטאַטן, און סיי אין דעם לאַנד וואָס האָט אים אַזוי

שטאַרק פאַרינטערעסירט און וואו עס ליגט זיין צוקונפטס-אידעאַל, איז נישט זיינס.

אין זיינעם אַן עסיי, וואָס ער האָט געשריבן פאַר דעם היגן זשור־נאַל „סור“, יולי 1934, אונטערן טיטל „פּאַרוואָס וועט לעבן בלייבן דער איד?“ וואָס ער האָט אָנגעשריבן ווי אַ מין ענטפער די היטלע-ריסטישע פאַרפאָלגונגען אויף די דייטשע אידן, שרייבט ער וועגן זיך:

„איך בין נישט געוואָרן אַ איד אויס דערצויונג. ביי מיינע דריי־סיק יאָר בין איך שוין געהאַט געוועזן אין אַ סך קריסטלעכע קלויס־טערס און אַפילו נישט אויס נייגעריקייט בין איך אַמאָל אַריינגעגאַנ־גען אין אַ אידישער שיל. מיינע פּערזענלעכע קאָנטשאַפטן — פריינט־שאַפטלעכע, אינטעלעקטועלע, קינסטלערישע — זיינען קיינמאָל נישט געוועזן הויפּטזעכלעך אידישע. איך האָב געהאַט פריינט לאַטיינער, נאָרדיסקן און סלאַוון, וואָס זיינען געשטאַנען נישט ווייטער ווי יענע, צו מיר און צו מיין אַרבעט“. און ווייטער איז ער זיך מודה: „דער דאָזיקער עסיי וואָלט איצט נישט געשריבן געוועזן, ווען עס וואָלט נישט אונטערגעקומען די פינצטערע שעה פון די דייטשע אידן“. קורץ, היט־לער האָט אין אים אויפגעוועקט דעם אידן, וואָס האָט אין אים גע־דרעמלט, אָדער ווי ער זאָגט עס, געפינט זיך ביי אים אין פּאַטענץ.

וואָס זשע פאַר אַ איד איז דאָס, וואָס היטלער האָט אויפגעוועקט ביי וואַלדאָ פראַנק? און וואָס פאַר אַ איד איז דאָס וואָס וואַלדאָ פראַנק וויל אַז ער זאָל לעבן בלייבן צום טראָץ פון די אידישע שונאים?

וואַלדאָ פראַנק אַליין, זעט אויס, האָט דאָס נישט געוואוסט און ער איז אים געגאַנגען זוכן, און זוכנדיק איז ער פאַרגאַנגען אַזש צו... גאָט; צום אידישן גאָט אָדער צו אַ אידישן גאָט, וואָס ער אַליין האָט זיך באַשאַפן בצלמו ובדמותו, אַ גאָט אַ לינקן, אַ גאַנצן קאָמוניסט, וואָס פאַרייניקט אין זיך מאַרקסן מיט שפּינאָזען; מאַרקסן, וואָס פאַר־טרעט ביים מאָדערנעם אידן דעם משהן פון זיינע עלטערן און שפּי־נאָזען, וואָס פאַרטרעט ביי אים דעם ישוע פון זיינע עלטערן.

וואָלט וואַלדאָ פראַנק געווען דער איינציקער און מיט אים נאָך אַזעלכע ווי ער, וואָס גייען זוכן דעם אידן אָדער די אידן און געפינען גאָט, וואָלט עס אונדז אפשר נישט געקימערט; די מעשה איז, וואָס

אויף דער וועג פון וואַלדאָ פראַנק לאָזן זיך אוועק זוכן דעם אידן, די אידישע קולטור, אַזעלכע אידן, וואָס שטייען אַליין אינמיטן דעם אידישן פאָלק, אינמיטן דעם אידישן לעבן, דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן, וואָס פאַר זייערע אויגן קומען פאָר די אַלע טראַנספאָרמאַציעס, די עוואָלוציע זיינע, וואָס פירט ווי מיר גלויבן, מיר אידישע סאָציאַליסטן, צו דער אידישער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט, אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

פאַראַן אַ סך אַזעלכע, וואָס זיינען גרייט מקריב צו זיין די אידן, דאָס אידישע פאָלק, צוליב דער אידישקייט; דאָס אידישע לעבן, די אידישע צוקונפט, צוליב דעם אַבסטראַקטן אידישן וועזן.

נאָר אויב וואַלדאָ פראַנקס זוכן דעם אידישן קיום אין גאָט, אין אַ רעליגיע פון העכסטער גערעכטיקייט, איז פאַרשטענדלעך, מחמת ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט דעם קאָנטאַקט מיט דעם לעבעדיקן, צום סאָציאַליזם עוואָלוציאָנירנדיקן אידישן פאָלק, מיט דער אידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס זי איז דער געזעלשאַפטלעכער צענטער, וועלכער מוז און וועט סוף כל סוף, ווי אַ ווירבל, אַריינציען און אַסימילירן אין זיך אויך יענע אידישע מאַסן, וואָס דער קאַפּיטאַליזם האָט זיי ביז איצט אַוועקגעריסן פון איר, איז עס נישט פאַרשטענדלעך ביי אידישע סאָציאַליסטן. שטייט מען אינמיטן דער אידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס אידיש איז איר מוטער־שפּראַך און איר קולטור־שפּראַך, וואָס זי איז די באַשאַפערן און די שאַפערן פון דער מאָדערנער און סאָציאַליסטישער אידישער קולטור, האָט עס קיין זין נישט צו זוכן דעם קיום פון דער אידישער קולטור אויסער איר. און אויב מען טוט עס יאָ, מוז מען אַוועקגיין אויף אַבסטראַקטע וועגן, אויף גאָט־זוכעניש און מיסיאָנערטום, מוז מען געפינען דעם אידישן קיום נישט אין די אידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר אין דער „שארית הפליטה" פון אַ אידישער אינטעליגענץ, וואָס איר קאָפּ שטעקט אין הימל.

לאָמיר זיך אומקערן צו וואַלדאָ פראַנק, אָנווייזן דעם וועג וואָס ער מאַכט דורך, דעם אַנאַליז פון דער „אידישער ווירקלעכקייט", וואָס ער פירט דורך אין זיין עסיי, וואָס ער זעט און וואָס ער זעט נישט אינעם אידישן לעבן און צו וואָס ער מעג צוקומען און צו וואָס אידישע

סאָציאַליסטן קענען נישט און טאָרן נישט צוקומען.

וואָלדאָ פראַנק ווייסט, אַז אַ מ אָ ל איז געווען אַ אידיש פאָלק אָדער אַ אידישע עדה, אים איז אַלציינס ווי דאָס אָנצורופן, ראַסע, נאַציע, פאָלק אָדער רעליגיעזע סעקטע, נאָר אַ גאַנצקייט אַזאַ איז דאָס געווען, אַן אָפּגעשלאָסענע. ער גייט נישט אַוועק אַזוי ווייט ווי ביז פאַרן לעצטן חורבן, ער האָט פאַר זיך די געטאָס פון מאַראָקאָ, איטאַליע, פּראָוואַנס, האָלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פּוילן אין אַכצנטן יאָרהונדערט, וואו עס האָט געהערשט איינער אַ לעבנסשטייגער, נישט געקוקט דערויף וואָס דער מאַראָקאַנער איד האָט געטראָגן אַ פעסקע און דער פּוילישער אַ קאַשקעט, וואָס איינער האָט גערעדט אַ שפּאַניאָלישן דיאַלעקט און דער צווייטער אַ דייטשן, וואָס דער מאַראָקאַנישער איד האָט אויסגעזען ווי אַ מאָר, און דער פּוילישער ווי אַ סלאַוו אָדער דייטש. געווען איז דאָס אַ לעבנסשטייגער, זאָגט ער, וואָס כאָטשע ער האָט זיך אין פאַרלויף פון די צייטן און אין באַרירונג מיט די עקאָנאָמישע און קולטור־אומשטענדן, געענדערט, איז ער דאָך געווען אַן אָרגאַנישער געוויקס פון אַן איין און איינציקער טראַדיציע, אַ טראַדיציע וואָס האָט זיך געצויגן פון פאַר דעם ספר דברים, ,דורך די נביאים, תלמוד און קבלה און דורך דעם שולחן ערוך. דאָס איז געווען אַ אידישקייט, וואָס מען האָט דאָס געקענט דערקענען, אָנטאַפּן, דערקענען ווי מען דערקענט אַ דעמב דורך זיינע וואָרצלען, דורך זיין שטאַם, דורך זיינע שישקעס.

אָט די געשלאָסנקייט פון דער אידישער עדה, ווי קליין זי איז געווען, האָט זי געמאַכט פאַר אַ ווירקנדיקער קערפּערשאַפט, אַן איינערלעך גאַנצער, אַ נישט צעריסענער; נישט געווען דעמאָלט צווישן אידן קיין חילוק צווישן יחיד און כלל, דער אינדיווידואַליזם, וואָס איז אָריינגעבראַכט געוואָרן אין דער אידישער לערע, דורך די אַלעקסאַנדרינישע און פּלאַטאָניזירנדיקע אידישע פילאָזאָפן מיט דער „השארת הנפש" און „בחירה חפשית", וואָס דאָס האָט געבראַכט צום צעפּאַל פון דער אייראָפּעישער קולטור, האָט אויף דער אידישער עדה נישט געהאַט קיין ווירקונג. די מיטלאַלטערלעכע געטאָ — מיינט וואָלדאָ פראַנק — האָט נישט געהאַט קיין „פּערזענלעכקייטן", וואָס זאָלן שאַפן

צדדים (וואלדאָ פראַנק האָט אויסגעלאָזן פונעם אויג די משיח־באַוועגונגען און זייערע קעגנער, דעם קאַמף צווישן די מקובלים און זייערע קעגנער, ווי דעם קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים און צווישן די חסידישע מאַלכן גופא, וואָס זיינען געווען דער אָנהויב פון סאָציאַלער דיפערענציאַציע — פּ. ק.) די פירער זיינען נישט געווען קיין קריגסלייט, קיין מעגאַלאָמאַנען פון כבוד און געלט; געווען זיינען עס די חוזים, די דענקער (אויך נישט אינגאַנצן ריכטיק; נישט בלויז אידישע פּני, די גרויסע מלוים און פּריצישע אידן, האָבן אינטריגירט צווישן זיך ביים מלכות און זיך געמסרט און קהל איז דערביי געווען דאָס כפּרה הינדל, נאָר אויך רבנים האָבן דאָס געטאָן. די כראָניק וועגן דעם איז אַ רייכע אינעם מיטלאַלטער ווי אין די מאָדערנערע צייטן צווישן די גאונים, ווי צווישן די מפרשים, צווישן די רבנים מקובלים און זייערע קעגנער. — פּ. ק.), אזוי אַז געווען זיינען די אידישע פירער דאָס אויג און דער מוח פון דער עדה, וואָס ביי אַנדערע זיינען זיי בלויז צופאַל אָדער באַפּוצעכץ; געהאַט האָבן די אידישע רבנים אַן איינפלוס אויף די קריסטלעכע פירער; די „געהאַסטע" אידן זיינען אין דער אמתן געווען געשעצט פון דער קירכע פאַר זייער עטישן ווערט און דאָס איז אָפט געווען זייער שוץ קעגן די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען אינעם קריסטלעכן אייראָפּע; געהאַט האָבן די אידן אַן עקאָנאָמישע פונקציע; זייער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל, זייער באַנקוועזן, זייערע בערזעס, זייער פּראַקטישער וויסן אין קאָמוניקאַציע און נאַוועגאַציע, איז שטאַרק נויטיק געווען אינעם פעאָדאַלן אייראָפּע; און אָט די פונקציע האָט דעם אידן פאַרבונדן מיט דעם מיטל־קלאַס, וואָס האָט דעמאָלט געפירט דעם קאַמף קעגן דעם פעאָדאַליזם און האָט צום סוף אים געירשנט און טראַנספאָרמירט די פעאָדאַלע אייראָפּע. און אויף דעם אויפשטייגנדיקן קלאַס האָט די אידישע עדה אָנגעשפּאַרט דערנאָך איר אינערלעכע גאַנצקייט אינערהאַלב דער פיינטלעכער נויאישער וועלט... אויב מ'האָט פאַרפאָלגט די אידן, האָבן זיי געוואוסט, זאָגט ער, פאַרוואָס מען פאַרפאָלגט זיי. מען פאַרפאָלגט זיי פאַר זייער אַנדערשקייט...

איצט, וואָס זעט ער? די פאַרפאָלגטע אידן אין דייטשלאַנד און

נישט נאָר אין דייטשלאַנד, נאָר אויך די אידן אין אַמעריקע, וואָס נעמען זיך אָן פאַר זיי, פרעגן זיך: פאַרוואָס פאַרפאָלגט מען אונדז? מיט וואָס שיידן מיר זיך אונטער פון די גויים מיט אונדזער שטייגער לעבן און דענקען? אין דייטשלאַנד זיינען מיר גוטע דייטשן, אין אַמע-ריקע זיינען מיר גוטע אַמעריקאַנער. אַמאָל פלעגן זיי וויסן פאַרוואָס זיי צאָלן אַזוי טייער, היינט וויסן זיי נישט. און וואַלדאָ פראַנק ווייסט אויך נישט. ער גיט אַ קוק אויף די רייכע, אַזוי גערופענע פירנדיקע אידן אין אַמעריקע און זעט אין זיי קיין שום חילוק נישט צו די רייכע גויים, „וואָס פאָדערן דעם שלום און לעבן פון גוואַלד“; ער שפּילט ווי זיי אין פּאָקער און טרייבט ווי זיי זיינע ביזנעס, דער רייַ-כער איד, זיין פאַמיליען-לעבן, זיינע פאַרוויילונגען, זיין קולטור, זיין געטריישאַפט צו זיין קלאַס און צו דער מלוכה איז פון דעם זעלבן באַטישן געוועב ווי ביי זיין שכן דעם גוי. ער מיט זיך פאַרן דאָלאַר, לעבט פון זיין בויך וועגן און באַטייליקט זיך אין דעם טומל פון די ביליקע פאַרגעניגנס. ער העלפט שאַפן די אויבערפלעכלעכע אַמערי-קאַנער ציוויליזאַציע, עקספּלואַטירט זיין ברודער, שטימט פאַר די זעל-בע זשוליקעס, די געוויינלעכע אָדער העברעע, שרייט די זעלבע שאָ-וועניסטישע פראַזן און אין מלחמה-צייט איז ער גרייט אריינצוואַ-רפן זיך אויף אומקום. ער געניסט און שאַפט די זעלבע נאַרישע משוגענע פילמען, די זעלבע שונד-ראָמאַנען און טעאַטער-מאַכעריי-קעס. אין דער געזעלשאַפט, וואו עס ליגט אַזאַ תהום צווישן אידעאַל אוןווירקלעכקייט, שיידט זיך נישט אונטער דער איד פון זיין שכן דעם נישט-איד. די נישט רייכע אידן, די שניידער, די וועבער, די מעכאַניקער, די באַלמעלאָכעס און קליינע הענדלער, זעט ער אַלס פאַ-סיווע אידן, וואָס גייען נאָך די „פירער“, דעם עקספּלואַטירנדיקן קלאַס, וואָס האָט אַזוי געפערלעך אידענטיפיצירט דעם אידן מיט אַ דעגענע-רירטער בורזשואַזיע, וואָס איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

אינעם מיטלאַלטער איז דער בונד פון די אידן מיט דער אויפ-שטייגנדיקער בורזשואַזיע, געווען אַ רעטונג. דעמאָלט האָט די בור-זשואַזיע אין אייראָפּע נאָר אַן אַנדער מאָראַלישע ראָל געשפּילט, זי האָט פאַרטיידיקט די סאָציאַלע גערעכטיקייט און די פרייהייט פון

געוויסן קעגן די עקספּלואַטירנדיקע און אונטערדריקנדיקע אַדל און קירכע און געשיצט אויף וויפל דאָס איז פאַר איר נויטיק געווען דעם פאַרשריט פון דער מענטשלעכער קולטור; היינט איז די באַמעכטיקטע בורזשואַזיע גייסטיקער טויט און אינטעלעקטועלער חורבן.

אַלס אַ זייער כאַראַקטעריסטישן שטריך פון אַט דעם הייליקן בונד, ווייזט אָן וואַלדאָ פראַנק דאָס וואָס די אַמעריקאַנער אידן האָבן שטאַרק באַקעמפט היטלערן מיט דער הילף פונעם באָיקאָט, נאָר געהיט האָבן זיי זיך אַרויסצוטרעטן קעגן דעם פאַשיזם. דער פירער פון דעם קאַמף איז געווען דער העכסטער פירער פונעם אַמעריקאַנער אידנטום, אַן אַדוואָקאַט, אַ לאָווקאַטש, וואָס איז רייך געוואָרן פון פאַרטיידיקן די רויבער־געשעפטן פון די גרויסע, גראָד גויאישע, אַמעריקאַנער קאָרפּאָראַציעס, מיט קלוגערע שפּיצלעך ווי אַנדערע אַדוואָקאַטן, אַזוי ווייט אַז ער האָט אַפילו געגאָלטן פאַר אַ פאַרטיידיקער פון די פאָלקס אינטערעסן.

וואָס זשע פאַר אַ אידיש פאָלק איז עס — פרעגט וואַלדאָ פראַנק — וואָס האָט אַזעלכע פירער? פאַראַן אידן גרויסע מענטשן, פירער אין דער וויסנשאַפט, אין דער פילאָזאָפיע, אין דער פּאָליטיק, אין דער קונסט, נאָר גרויס זיינען זיי טאַקע, פירער אויך, אָבער נישט אַלס אידן; דאָס אַלטע אידנטום האָט אפשר אַ חלק אין זייער אויספורעמונג, נאָר מיט דער אידישער וועלט קערן זיי זיך נישט אָן. און ער זעט דעריבער די לאַגע פון די אידן אַ קלעגלעכע און איראָנישע. געהאַסט ווערן ווי אידן, בעת מען איז גאָר קיין איד נישט. אַזוי די דייטשע אידן, וואָס זיינען אידן לויט דער אינערציע, אַזוי די אַמעריקאַנישע... די איראָניע פונעם מאָדערנעם אידן! — רופט אויס וואַלדאָ פראַנק.

וואָס זשע דען? וואַלדאָ פראַנק וויל דאָך פאָרט זיין אַ איד, אויף צו להכעיס היטלערן און אויף צו להכעיס די אידישע שונאים און קיין אינערטער איד, אַ איד אויף חוזק, ווייל ער אויך נישט זיין, איז ער אַוועק זוכן דעם אידן, ווי געזאָגט אינעם אידישן גאָט, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, און זיין אידעאַל איז זוכה צו זיין צו דער מדרגה אָדער צו דער בחינה, ווען ער וועט זיך קענען אָנרופן מיטן פולן מויל איד.

נישט די אידן זוכט שוין איצט וואלדא פראנק, נאר דעם איד. און דא, אגב, פאלט ער אליין אריין אין דער אלעקסאנדרינישער און פלאטאניזירנדיקער אידישער פילאזאפיע, וואס האט, זייענדיק ווייט פון דעם אידישן מלוכהשן צענטער, פון דעם רעאלן אידישן פאלקס לעבן, אריינגעשלעפט אין דער אידישער רעליגיעזער קולטור, די אידייע פון „השארת הנפש״, פון דעם לעבנבלייבנדיקן גייסט. וואלדא פראנק דערמאנט זיך אין ישעיהו הנביא, וואס האט פאר זיך געזען מיט אן ערך 740 יאר פאר קריסטוסן דארט אין ארץ ישראל, שיר נישט אזעל-כע אידן אדער נאך ערגערע ווי אין ניו-יארק, טשיקאגא, סינסינעטי און פילאדעלפיע און אז ער האט זיי גוט אויסגעמוסרט און עס האט נישט געהאלפן, האט ער אויסגערופן:

„ווען גאט דער האר פון צבאות
„וואלט נישט איבערגעלאזט צווישן אונדז א קליינעם רעשט,
„וואלטן מיר צו סדום געווארן
„און צו עמורה געגליכן.״

און מיט צוויי הונדערט יאר שפעטער זאגט אויך יחזקאל: „דאך וועל איך איבערלאזן א רעשט, כדי אייניקע פון אייך זאלן זיך ראטע-ווען פון דער שווערד צווישן די פעלקער, ווען איר וועט זיין צעשפרייט איבער די לענדער פון דער וועלט.״ א רעשט — זאגט וואלדא פראנק — האט פארלאזט די טעפ מיט פלייש אין מצרים און איז געגאנגען מיט משהן; א רעשט האט אנגענומען די האלב-שפאסיקע איינלאדונג פון כורש און איז אוועק פון בבל אויפצובויען דעם צווייטן בית-המקדש; א רעשט האט איבערגעלעבט די העלעניסטישע „וועלטלעכ-קייט״ פון די אלעקסאנדרינער; א רעשט האט איבערגעלעבט די רוי-מישע שחיטות; א רעשט האט אויסגעהאלטן דעם האס ווי די פריינט-שאפט פון די וויזיגאדן, אראבער און שפאניאלן; א רעשט האט פון דור צו דור אויסגעקליבן דאס אייגעשלאסענע ארומגעצוימטע אידישע לעבן אין פיין קעגן די איינוואלגערנדיקע כוחות פונעם מיטלאלטער און פון דער מאדערנער צייט. ס׳איז קיין ספק נישט, אז אין יעדן פון די גרויסע קריזיסן, אין משך פון דריי טויזנט יאר, האט דאס אידנ-טום פארלוירן אין די שחיטות, אין דער צוואנגס אסימילאציע, אינעם

גייסטיקן שמד אָדער קולטורעלער שפּאַלטונג, אַ גרויסע טייל פון זיין נאָמינעלער מאַסע. געבליבן איז דער אייביקער, זיך באַנייענדיקער אין אַלע צייטן איד...

נישט יעדער איינער, האַלט וואַלדאָ פראַנק, קען זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון דעם רעשט. אַ מערהייט, ווי ער זאָגט, איז נישט מער ווי אַ בלינדער כוח. באַנקירן, סוחרים, אַדוואָקאַטן, פּראָפעסיאָנאַלן און פּאָליטיקער און אפילו באַלמעלאָכעס און מעכאַניקער וועלן נישט פאַרלאָזן זייער קנעכטשאַפט אינעם מיטלקלאַס, ווען אפילו דער קלאַס קערט זיך אום קעגן זיי. די לייט וועלן אומקומען, ווי עס זיינען אומגעקומען און פאַרשוואונדן די אידן אין אשור, בבל, אַלעקסאַנדריע און רוים. דער רעשט אָבער וועט זיין אַן אויסגעצייכנטער: דער לערער, דער מעדיצינער, דער אינזשעניער, דער ווייטזעענדיקער סוחר, וואָס האַסט די פּוילעניש פון זיינע געשעפטן, דער אידישער אַרבעטער און דער סטודענט — דער עיקר דער אידישער סטודענט! זיי, הייסט עס, וועלן זיך באַקערן צום גאָט פון מאַרקס און שפּינאָזע און זיי וועלן זיין דער רעשט פון דעם איצטיקן אידישן סדום ועמורה.

וואָס זשע וועט זיין די אויפגאַבע פון דעם דאָזיקן רעשט? דאָ בלייבט ער שטיין און פאַרענדיקט: אויב די אידן אַלס יחידים וועלן אפילו אויסשטאַרבן, וועלן זיי כאָטשע וויסן אַז זיי זיינען געשטאָרבן פאַר דעם מענטשלעכן לעבן. וואָס קען מען נאָך פאָדערן העכערס דערפון! אַז אַ פאָלק איז גרייט צו ליידן און צו שטאַרבן פאַר אַ גוטער זאַך, איז די זאַך אַ לעבעדיקע און עס לעבט שוין אויך דאָס פאָלק...

לייענט אַ אידישער סאָציאַליסט אָדער גלאַט אַ איד וואָס איז באַקענט מיט דער אידישער געשיכטע פונעם לעצטן יאָרהונדערט אָט דעם עסיי אָדער דעם אני מאמין, מוז ער באַלד אָנמערקן, אַז וואַלדאָ פראַנק איז אינגאַנצן בלינד פאַר אָט דעם יאָרהונדערט אידיש לעבן און אידישע קולטור; אַז ער ווייסט נישט, אַז די אידישע עדה פונעם פּוילישן געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען גרויס פּוילן, ליטע, פּרייסן און אוקראַינע, האָט זיך אין משך פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט דיפערענצירט אויף קלאַסן, וואָס האָבן צווישן זיך געפירט אַ קלאַסן-קאַמף, צוערשט דורך די שניידער-שוסטערשע שילעכלעך און באַזונדערן באַל-

מעלאָכישן כלי־קודש און צום סוף יאָרהונדערט שוין דורך סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, נישט בלויז צווישן זיך, נאָר שוין אויך מיט דער צאַרישער מאַכט; אַז צוזאַמען מיט דער דיפערענציאַציע און באַווירקט פון דעם סאָציאַליזם, איז צווישן דער דאָזיקער עדה געוואַקסן די אידייע פון אַרבעט, ווי אַן אויסלייזונג פון דעם פאַרשאָלטענעם „בונד מיט דעם מיטלקלאַס”, וואָס האָט אין יענע לענדער אַפילו נישט באַוויזן רעכט אויפצוקומען; אַז אָט די אידייע פון אַרבעט, פון עקאָנאָמישער איבערשיכטונג און פון סאָציאַליזם האָט געבוירן אַ גרויסע אידישע קולטור, די מאָדערנע קולטור פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן און ליגט אינעם גרונט פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, די ליטעראַטור אין אידיש, אין דער שפּראַך פון די אידישע מאַסן;

אַז די אידישע איבערוואַנדערונג פון יענעם געטאָ סיי פון די שטעטלעך אין דער גרעסערער שטאָט און סיי אַריבער די ימען, קיין נאָרד־אַמעריקע, קיין פּאַלעסטינע און אַפילו קיין ענגלאַנד, זינט זעקס צענדליק יאָר, איז פאַרבונדן געווען מיט דער דאָזיקער אין גרונט סאָציאַליסטישער אידייע. אַן עדות דערפון זיינען די ערשטע אידישע צייטונגען, די ערשטע אידישע ביכער און דער ערשטער אידישער טעאַטער אין אַמעריקע; אַן עדות דערפון איז דער ציוניזם, וואָס קליידט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג אין דער אידייע פון אַרבעט און איבערשיכטונג און אַפילו פון סאָציאַליזם, אַפילו דעמאָלט ווען זיין הויפּט־שטיצע איז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם;

אַז אין דעם לאַנד פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וואָס נעמט איצט אַרום כמעט דעם גאַנצן שטח פונעם פּוילישן געטאָ פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט, זיינען, אמת, דורכגייענדיק דעם שמעלץ־טיגל פון נויט, פון דעקלאַסירונג, פון בלוטיקע פּאָגראָמען און גיפטיקער אַנטיסעמיטישער אַטמאָספער שוין פאַראַן דריי מיליאָן אידן, באַפרייטע פון דעם פאַרשאָלטענעם בונד מיט דעם מיטלקלאַס, ווי וואָלדאָ פראַנק רופט דאָס אָן, וואָס דערפירן דאָרט די גרונט־אידייע פון דעם אידישן עקאָנאָמישן און קולטורעלן אויפקום, די אידייע פון איבערשיכטונג, צו איר לאָגישן סוף, צו דער פאַרוואַנדלונג אין אַ אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־נאַציע;

אז אין אָנבליק פון די קריזיסן, וואָס חזרן זיך איבער אין דעם דאָלאַר־לאַנד, וואו מיליאָנען מזרח־אידן, דאַכט זיך, זיינען אַריבער פון די אַרבעטער־רייען אין דעם פאַרפּעצטן, פאַרגרעבטן און קולטור־רעל פאַרפלאַכטן מיטלקלאַס, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַוועגונגען פון באַצייטנסדיקן ווידערקער צו אַרבעט, צו דער ערד, פּאָרויסזעענ־דיק די אייראָפּעישע דערשיינונג פון דעקלאַסירונג. אז נישט געקוקט אויף דער הערשאַפט פונעם „אָלרייטניק", פונעם אידישן „בעביט" אויף דער אידישער געזעלשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אין אַמעריקע בכלל, איז דאָ פאַרבליבן אַ אידישע אַרבעטער־געזעלשאַפט, וואָס האַלט אָן דעם קאָנטאַקט מיט דער אידישער קולטור, וואָס איז געבוירן און געוואַקסן און הערט נישט אויף וואַקסן אינעם קלימאַט פון די אידעאַלן, וואָס האָבן זי אַרויסגעבראַכט און שטרעבט צו יענעם אידעאַלן באָדן, אויף וועלכן זי זאָל זיך ערשט קענען צעבליען;

און, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, איז דעריבער באַשערט אַט דער אַרבעטער־געזעלשאַפט אויך אין אַמעריקע צו ווערן דער צענ־טער וואָס זאָל אַריינציען אין זיך די מיליאָנען עקאָנאָמיש און קולטור־רעל איבערגעשיכטעטע אידן.

ווען ווען, נאָר אידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן דערצו נאָך מיטגעמאַכט דעם דאָזיקן יאָרהונדערט פון אידישער קולטור און לעבן אינערהאַלב דעם לעבנספעאיקן און צוקונפטרייכן קולטור־צענטער, איז נישט מוחל צו זיין ווען זיי זוכן די אידישע צוקונפט אין אַ „שארית הפליטה", וואָס איר אויפגאַבע זאָל זיין זיך מקריב צו זיין פאַר דעם אידישן גאָט, ווען אפילו דער גאָט איז אַ זיווג פון מאַרקסן מיט שפינאָזען.

# וועגן געווּסע זוכער פון דערהויבנקייט

עס איז שוין נישט דעם ערשטן מאָל אין דער קורצער געשיכטע פון אידישן געזעלשאַפטלעכן אויפשטייג — איך מיין דאָ דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון די אידישע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין די לעצטע הונדערט יאָר — אַז צווישן דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס איז פון די באַוועגונגען אויפגעקומען און האָט פון זיי גענערט איר אַנזעץ, באַווייזן זיך אַזוי גערופענע תשובה־שטימונגען. עס נעמט זיי ציען אויף צוריק. קיין נפקא־מינה ווי ווייט: אין דער נאָנטסטער שטעטלשער שיל, אין דער אַלטער געטאָ אָדער גאָר אין די ישיבות נהרדעא און פומבדיתא. עס ווענדט זיך ווי ווייט צוריק אין דעם אידישן עבר זיי געפינען זיך אַ ווינקעלע פאַר זייער מיד געוואָרענעם אָדער אָפּגעשראָקענעם דראַנג צו גיין מיט דעם פאָלק אויף זיין וועג פון קאַמף פאַר אַ בעסער און שענער לעבן.

די אַלע דערהויבענע און שיינע צילן, וואָס די באַוועגונגען האָבן זיך אונטערגענומען צו דערגרייכן, דער סאָציאַלער יושר, דאָס פיזיש, פסיכיש און מאָראַליש געזונטע לעבן, דאָס באַרייכערטע פאָלק מיט וויסן, קולטור און שעפערישקייט; אַלץ דאָס דערהויבענע און שיינע, וואָס דער קאַמף גופא רופט אַרויס ביים פאָלק: טיפער גלויבן אין דער גערעכטיקייט, טיפע מענטשלעכע סאָלידאַריטעט, גרענעצלאָזער מסירת־נפש, ווי די אַלע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־ווערטן, וואָס ווערן דורך דעם קאַמף געשאַפן, די ליטעראַטור, די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזירטקייט, דאָס דינאַמישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־לעבן...

דאָס אַלץ ווערט אין זייערע אויגן ווערטלאָז, נישטיק, אַן עסק פאַר די היינטיקע קליינגייסטיקע אידעלעך מיט זייערע גראָב־גשמיותדיקע השגות, מיט זייער מאַטעריאַליזם בלע"ז, וואָס זיי האָבן נאָך די חוצפה אים צו דערקלערן פאַר א היסטאָרישן און פילאָזאָפישן סיס־טעם... זיי זיינען נישט סובל אַזא חילול השם און זוכן זיך צו דער־ווייטערן, זיך אָפּצוזונדערן פון דעם היינטיקן און פון דאָס היינטיקע, כדי זיך צו באהעפטן מיט אַלץ דאָס דערהויבענע און שיינע פון אַמאָל..

אַמאָל, אַמאָל! איין קליינקייט, אַמאָליקע אידישקייט און אַמאָ־ליקע אידן! תפארת שבהוד, ריינע און לויטערע אמונה, יושר און צדק, קדושה וטהרה, משיחיזם און קדוש השם... אַלץ איז געווען אַמאָל, ביי די אַמאָליקע אידן. און פון לומדות שמועסט מען דאָך נישט. געווען זיינען זיי איינס און איינס בקיאים, און חריפים, בערג־רייסער און אָפענע מוחות. וואו האָט איר היינט א רבי יהודה הנשיא, א סעדיהו גאון און א רמב"ם און רש"י, א „טורי זהב" און אפילו א לאַדיער רב און א ווילנער גאון. אַלץ צעדערביימער פונעם לבנון! און די היינטיקע, מה אנו און מה חיינו, וואָס זיינען זיי, „אזובי הקיר", מאָך־גרעזלעך אויף דער בית מדרש־וואנט! קיין איינער נישטאָ וואָס מען זאָל זיך קענען צו זיין וואָרט צוהערן...

...און דעריבער, מאָנען זיי, לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו זיי, צו די אַמאָליקע, צו די גרויסע, צו די וואָס זיינען געשטאַנען וואָס נענטער צו מתן תורה, צו בריאת העולם און צו די געצעלטן פון שם ועבר.... דעריקער, וואָס ווייטער פון היינטיקן לעבן און פון היינטיקן קאַמף, פון היינטיקן מסירת נפש און קידוש השם, מ'שטיינס געזאָגט, פון היינטיקע יושר און צדק־אידעאַלן, וואָס די המונים זיינען זיך פאַר זיי מקריב, פון היינטיקער קולטור און שעפערישקייט, וואָס די פשוטע מענטשן פון אַלע פעלקער און אידן בתוכם דורשטן צו זיי און ממילא פון דעם רעאַלן אידישן נאַציאָנאַלן לעבן אין זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע אויסערונגען...

אַזוינס פּאַסירט געוויינלעך אין צייטן פון ירידה, ווען עס איז גובר די פעלקער און זייער גאַנג צו געזעלשאַפטלעכער און אינדיווידועלער השלמה, די רעאַקציע, די היטערן פון דעם אַלטן אומרעכט, פון אַלע

פריווילעגיעס פאר די תקיפים און פון אַלע יאָכן פאר די אָרימע און זיי פארזייען די לענדער מיט טעראָר מיט יאוש און פחד. און יאוש און פחד זיינען נישט פרעמד דער אידישער אינטעליגענץ פונקט ווי יעדער אנדערער. נישט דעם ערשטן מאָל איז עס, ווי שוין געזאָגט, אז אידישע פירנדיקע מענטשן, טוער און דיכטער, גייען אוועק אין שיל זוכן פאַר זיך אַ תיקון, רייסן זיך צוריק אין געטאָ און ווערן בעל־תשובה. אזוינס איז געשען נאָך 1905, ווען דער יאוש האָט געטריבן נישט נאָר אידישע אינטעליגענץ צו גאָט-זוכעניש און אינזיכבעניש. קיינמאָל איז עס אָבער נישט דערגאַנגען צו אזא מדרגה ווי איצט, ווען די תשובה־ליטעראטור נעמט אָן א דראָענדיקן כאראקטער פאר דער אידישער קולטור און געזעלשאפטלעכקייט.

אין נאָמען פון אַלערהעכסטע אידישקייט־אָדער אידנשאפט־אי־דעאַלן, פון „מלכות שמים", „גאולה שלמה", „משיחיות" א.א.וו., ווערט סיסטעמאטיש פארלייקנט און באקעמפט דער יסוד און דער הויפט־פאקטאָר פון דער מאָדערנער אידישער קולטור — דער גע־זעלשאפטלעכער קאמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער השכלה און אירע אידעאַלן פון פארוועלטלעכן דאָס אידישע לעבן, ארויסציען עם פון אונטער דער ווירקונג פון די כלי קודש און תקיפים און פראָדוקטיוויזירן די אידישע מאסן, כדי זיי אַרויסציען פון דער געטאָ, אויסגלייכן זייערע רוקנס, אויפהויבן זייערע אויגן און זיי צוגרייטן צו דער גלייכבארעכטיקונג, וואָס די אויפקלערונג האָט מיט זיך גע־טראָגן פאר די פעלקער. וואָס עס ווערט נישט איצט אלץ אויסגערעדט אויף דער השכלה, וואָס האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פאר די אידישע פארטייען, וועלכע האָבן איבערגענומען ביי דער אויפקלערונג דעם פאטרימאָניום איבער דעם געזעלשאפטלעכן קאמף ביי אידן און גע־האָלפן מאכן פון דער מיטלאַלטערלעכער עדה צאן קדשים אַן אָר־גאניזירט אידיש פאָלק, מיט א מאָדערנער ליטעראטור און פרעסע, מיט אינסטיטוציעס אויף אַלע טעטיקייטס געביטן און מיט אַ נאציאָ־נאלן באוואוסטזיין, וואָס די בעלי תשובה אונדזערע זוכן אומזיסט זיינע שפורן אינעם בית-דין־שטיבל און ביי די גבירים — שתדלנים.

עס גייט אזוי ווייט, אז נישט נאָר פאַרלייקנט מען דעם נאציאָ-

נאַל־אָרגאַניזירנדיקן פאַקטאָר פון דעם אידישן קאַמף פאַר רעכט און פאַר א מענטשלעך לעבן צווישן די פעלקער אויף דעם גרונט פון דעם אלגעמיינעם מענטשלעכן רעכט, וואָס די אלגעמיינע און אידישע אויפקלערונג האָבן צוגעגרייט, נאָר מען ווארפט נאָך ארויף אויף זיי, אויף דער אויפקלערונג און אויף דעם רעכט, די שולד פון א געוויסן טייל אידן, וואָס האָבן אויסגענוצט דעם געעפנטן איינבראָך אין דער געטאָ, כדי אריבערצולויפן צו דער אלגעמיינער קולטור פונעם לאנד און סוף־כל־סוף איינגאנצן זיך אויסמישן מיט דעם הערשנדיקן פאָלק. מען האָט שוין וויפל מאָל אָנגעוויזן, אז אויסגעמישט, איינגאנצן זיך אסימילירט, האָט זיך א גאנץ דינער שיכט אידן — גבירים, גרויסע געשעפטסלייט און זייערע געבילדעטע דינער, די בוכהאלטערס און די הויז־לערער. די ברייטע אידישע מאַסן זיינען געבליבן און בלייבן אויך איצט געטריי צו זייער פאָלקס־גורל.

זיי גייען נאָך ווייטער און פארקוקן מיט א בייזער כוונה און אפשר בלויז אויס מורא פאַר דעם קאַמף צו וועלכן דאָס איז מחויב, דאָס פעלקער־רעכט, נאַטירלעך אויך דאָס רעכט פונעם אידישן פאָלק, וואָס איז אנטהאלטן אין דעם מענטשן־רעכט. וואָרום דאָס מענטשן־רעכט אנטהאלט אויך דאָס רעכט פון אָרגאַניזאציע פאַר יעדער גרופע מענטשן, רעליגיעזער, עטנישער, סאָציאַלער און קולטורעלער. מען דאַרף נאָר מאָנען דאָס דאָזיקע רעכט דאָרט וואו דאָס ווערט באַגרענ־ניצט אָדער בארויבט. און אוודאי איז עס שוין א בייזוויליקייט אָדער א תירוץ פאַר אנטלויפן אין געטאָ, ווען מען פארשווייגט דאָס קאָנקרעטע אידישע נאַציאָנאַלע באַשטימונגס רעכט, דאָרט וואו דאָס איז די נאָרמע.

מאָדנע, ווי דאָס לייקענען דעם שעפערישן ווערט פון דער השכלה און דאָס דעגראַדירן איר קולטור־ווערט, גייט איצט ביי אידן האנט אין האנט מיט דער ענלעכער „ווערטן־איבערשאַצונג", וואָס די נייַמאָדנע היסטאָריקער אויף דינסט ביי דער אלוועלטלעכער רעאַקציע, האָבן אונטערגענומען קעגן דער אויפקלערונג פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן, וואָס זיינען געגאַנגען פאָרויס דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע און האָבן אויסגעצייטיקט די דעקלאַראַציע פון־

נעם מענטשן־רעכט, פון דער רעליגיעזער טאָלעראַנץ און געוויסנס פרייהייט, פון דעם ליבעראַליזם און דעם נאַציאָנאַלן באַשטימונגס־רעכט, וואָס ליגן אינעם גרונט פון די אַלע קאָנסטיטוציעס, וואָס האָבן פאַרזיכערט אַ פרייַ מענטשלעך לעבן אַ גאַנצער ריי פעלקער אין אייראָפּע און אַמעריקע, אָנהויבנדיק פון סוף אַכצנטן יאָרהונדערט ביז אונדזער פינצטערער היטלער־צייט. אויך זיי זוכן פאַר זייערע פעלקער אידעאַלן פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון פאַר דער אויפקלערונג; ווער עס דערקלייבט זיך ביז די אידעאַלן פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, ווער ביז די צלם־טרעגער, ווער צו דער שטאָופן־הערשאַפט און ווער אַזש ביז צעזאַרן און גיט נישט אייַנעם די געשיכטע פון זייַן לאַנד אַזעלכע אַלטע אידעאַלן, זוכט ער זיי בעדאַי אין אַ נעענטערן מאָמענט פון „רעסטאַווראַציע”, ווי ביי אונדז אין לאַנד אינספּירירן זיי זיך אין דער ראָזאַס־עפּאָכע.

פאַראַן מאָמענטן ווען די צוויי, דאַכט זיך, שונאים אויף טויט, גיבן זיך ממש די הענט. אָט טענהן די אידישע פאַרנייַנער פון דער השכלה און פון דער עמאַנסיפּאַציע, אַז „מיט זייער עפּאָכע הויבט זיך אָן דער דריטער חורבן, דער חורבן פון אידישקייט”. „שריפטן”, נר. 1 (25) תמוז תש״ד (יוני), חודשלעכע אויסגאַבע אונטער דער רעדאַקציע פון צבי שוואַרץ, אַרויסגעגעבן פון יודאַיסטישן אינסטיטוט אין בוענאָס־איירעס), און אין דעם זעלבן נומער איז געדרוקט אַן אַרטיקל פון ג. ב. (גרשם באַדער, אויב מיר האָבן קיין טעות נישט, ליפעראַנט פון אָרטאָדאָקסישע שפּייַז פאַר די לייענער פון ניו־יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל”), אין וועלכן ער מאַכט פון דער „השכלה” אויסצודרייען, אַ שונא איז זי געווען און איז פונעם אידישן פאָלק און ווער נאָר עס האָט אַ שטיקל שייכות צו איר, „די רעפאָרמער, די ראַדיקאַלן, די גרעסטע טייל פון די נאַציאָנאַליסטן און אויך די וואָס זייַנען נישט אידיש דערצויגן געוואָרן” (ער מיינט דערצויגן נישט אויף תורה און מצוות), זייַנען דירעקט אָדער אומדירעקט אַסימילאַנטן און פירן דאָס אידישע פאָלק צום אונטערגאַנג... מוחל, וואָס ער שטעלט דאָרט אַרויס דעם ריב״ל (ר׳ יצחק בער לעווינזאָן) דעם פאָטער פון דער השכלה צווישן רוסישע אידן, יהודה לייב גאָרדאָנען א״א פאַר

חניפים צו דער רוסישער מאכט. געווען זיינען צווישן אָרטאָדאָקסי־
שע רבנים פשוטע מוסרים קעגן יעדער פרייער באוועגונג ביי אידן,
וואָס האָבן זיך צוגעדעקט מיט דעם מאמר חז"ל „דינא דמלכותא די־
נא". ד'עריקער, מיט אַט דער ביליקער סחורה פון ג. ב., איז די רעדאַק־
ציע פון „שריפטן" אויסן צו באשטעטיקן די אקסיאָמע וואָס זי האָט
אוועקגעשטעלט, אז „מיט דער עפּאָכע פון דער השכלה און עמאַנ־
ציפּאַציע", הויבט זיך אָן דער דריטער חורבן.

און פּונקט ווי איינער פון די צוריקגייענדיקע פּאַראַלעלן שטעלט
זיך נישט אָפּ פאַר דער גוזמא, אַז די עמאַנציפּאַציע, די אידישע גלייכ־
בארעכטיקונג, האָט פאַרפלייצט די פירנדיקע אינסטיטוציעס, די אוּ־
ניווערזיטעטן, די פּרעסע, די בענק און די בירזשעס, מיט אידן, אזוי
שטעלט זיך נישט אָפּ דער צווייטער פּאַראַלעל פאַר דער גוזמא, אַז
עמאַנציפּאַציע האָט פאַרפלייצט די אידישע עדה מיט אַסימילאַציע.

וואָס שייך די גוזמא פון די ערשטע, איז נישט שייך מאריך צו
זיין. יעדער איד רופט זי אָן ביי איר ריכטיקן נאָמען — אנטיסעמי־
טיזם, אידן-שנאה און מחולק איז מען נאָר אין דער פראַגע צי האָט די
אידן-שנאה גורם געווען זייער שנאה צו דעם ראַציאָנאַליזם און צו דער
אויפקלערונג, וואָס איז פאָרויסגעגאנגען די גרויסע פראנצויזישע רע־
וואָלוציע און דעם מענטשן-רעכט אָדער, פאַרקערט, זייער שנאה צו
דעם אַלעמען, וואָס האָט געפירט צו דער דערוואַכונג פון די פאָלקס-
מאַסן, צו מער רעכט און בילדונג, האָט גורם געווען זייער אידן-שנאה.

די צווייטע גוזמא וועלן מיר נישט באצייכענען מיט קיין שום
עפּיטעטן, מירן נאָר קלאָר מאַכן דעם ענין אַסימילאַציע, ווי מיר זעען
אים, אין דער שייך פון אידן, וואָס זעען אינעם רעכט און אינעם
קאַמף פאַר דעם רעכט, דעם פאַקטאָר פון נאַצאָנאַלן אידישן לעבן און
די גאַראַנטיע פאַר נאַציאָנאַלן אידישן קיום. פאַר אונדז איז אַסימי־
לאַציע אַן ענין פון ניואַנסן און מדרגות, אָפּהענגיק פון אָרט און צייט.
מיר וועלן דאָס דערקלערן בדרך משל.

פאַראַן צייטן און אומשטענדן, ווען אַ אידן וואָס רעדט נישט
אָדער לייענט נישט וויניקסטנס אַ אידישע צייטונג און אַ אידיש בוך,
באַזוכט נישט אַ אידיש טעאַטער אָדער אַ אידישן רעפעראַט, שיקט

נישט זיין קינד אין א אידישער שול, באטראכטן מיר פאר אן אסימי־לירטן, פאר אן אפטריניקן פון דער אידישער מחנה. וואָרום, באמת, וואָס פאר א איד איז ער, אז ער איז נישט פארבונדן מיט דער אידי־שער קולטור, וואָס ווערט געשאפן אין דער שפראך, אויף וועלכער עס רעדט די גרויסע מערהייט פון דעם אידישן פאָלק און איז אויך נישט פארבונדן מיט דער ברייטער אידישער געזעלשאפטלעכקייט, וואָס איר שפראך איז אידיש? אזא איד באטראכט זיך אפשר אליין אויך פאר אן אסימילירטן.

קומען מיר אָבער צו אין דער זעלבער צייט צו א אידישן ענין, וואָס האָט נישט צו טאָן דירעקט מיט שפראך און קולטור, קענט איר טרעפן דעם „אסימילאנט" אזא פארינטערעסירטן און ענטוזיאסטיש, אז ס'איז אים גאָרנישט צו דערקענען. ער איז גרייט צו גיין פאר דער אידישער זאך ביז מסירת נפש און ער וועט זיך טיף באליידיקן אויב איר וועט ווארפן דעם מינדסטן שאָטן פון חשד אויף זיין אידישקייט. דאָס מעג זיין אן ענין פון אינערלעכער אידישער אָרגאַניזאציע אָדער פון אידישער סאָלידארישער הילף. נאָכמער באַרירט עס אים און זיינס גלייכן ווען עס ווערן באַרירט אידישע רעכט, ווען מיר שטויסן זיך אָן אויף פאקטן פון אנטיסעמיטיזם, אין דעם אייגענעם לאנד אָדער ערגעץ אין אפריקע. יעדער אידישער אומגליק און יעדער אידישער אויפקום רופט זיך אָפּ איבער דער גאַנצער אידישער וועלט און אויף יעדן אידן. וועמען קומט גאָר דעמאָלט אויפן זינען צו ריידן וועגן אסימילירטע אידן?!

מיר מוזן מודה זיין, אז די פּאנאָראמע פון דעם אידישן קולטור־אינטערעס איז א סך א קלענערער ווי די פאנאָראמע פון דער אידי־שער הילפס־גרייטקייט און סאָלידאריטעט אין פאל פון אנטי־אידישן אָנגריף און אפילו פון זיין אינטערעס צום אידישן קהילה־לעבן. נאָר קיינעם וועט נישט איינפאלן צו ווארפן זיך מיט אזעלכע אידן אין נאָמען פון דעם טאָטאַליטארן אידישן געדאנק אָדער לאָזונג: „אוריתא וישראל חד הוא" און אנדערע אולטרא נאציאָנאליסטישע לאָזונגען ווי „עם אחד שפת אחת"...

אין אזעלכע צייטן ווי די היינטיקע, ווען עס איז נויטיק די אל-

וועלטלעכע אידישע מאָביליזאציע צום אָפּוועך קעגן דער פאַרביסענער שנאה וואָס ווערט געזייט קעגן אונדז און צום קאַמף קעגן דער אויס־ראָטונגס אידייע מיט וועלכער אונדזערע שונאים טראָגן זיך ארום קעגן אונדז; ווען עס איז נויטיק צו זאַמלען כוחות פאַר דער אויפ־ריכטונג פון דעם מאַטעריעלן און גייסטיקן חורבן פון די אידן אין מזרח-אייראָפּע, איז עס נישט געזונט צו זיפן פאַר אונדז ריינע זעמל־מעל פון אידישער גייסטיקייט און אוודאי נישט פאַרקלייבן זיך אין אַ ווינקעלע אויף צו פראַוועון קדושה און טהרה אָדער זיך אויפהויבן אינעם „מלכות השמים". און אויך דאַרף מען אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן, אַז אונדזער לעבעדיקע אידישקייט, אונדזער מאָדערנע אידישע קולטור און אָרגאַניזירט דינאַמיש אידיש לעבן, האָבן מיר דערוואָרבן אינעם קאַמף פאַר רעכט.



# וועגן אינטעגראַלער אידישקייט

עס איז גאנץ נאַטירלעך, עס קען אנדערש נישט זיין און אַנ־דערש טאָר עס נישט זיין. ווען א פאָלק דערזעט זיך אין א געפאר פון פיזישן און גייסטיקן אומקום, נעמט דאָס צונויף אַלע פיזישע און גייסטיקע כוחות, נעמט זיי צונויף און שטארקט זיי, שטארקט זיי פיזיש און גייסטיק און גרייט זיי צום ווידערשטאַנד. דאָס אידישע פאָלק שטייט קיינמאָל נישט אויסער געפאר און די געשיכטע פון אי־דישן פאָלק — מער ווי די געשיכטע פון יעדער אנדער פאָלק — איז א געשיכטע פון פיזישן און גייסטיקן ווידערשטאַנד. פשוטער גערעדט, פון קאמף פאר דערהאַלטונג.

נאָר ווידערשטאַנד, קאמף פאר דערהאַלטונג, האָט פארשידענע פאָרמען; עס ווענדט זיך לויט דער גרויס און קוואליטעט פון די כו־חות, לויט די באַדינגונגען פון שוץ אין די ארומיקע כוחות און אויך ווענדט זיך עס אין דער אנטשלאָסנקייט, אינעם מוט פון דעם פאָלק, אין זיין באַוואוסטזיין, גרייטקייט און קאמפסלוסט. אין אַזעלכע מאָ־מענטן ווייזן זיך ארויס באַזונדערס בולט די אייגנשאפטן, די כאראק־טערן, די טעמפּעראַמענטן פון דעם פאָלק: די קאמפסגרייטקייט, ווי די פחדנות; די ערשטע פאָדערט אָפענעם אָדער פארטיזאנישן קאמף, די צווייטע — אויסבאַהאַלטן זיך, פארקלייבן זיך אין זיך, נישט אויס־געבן זיך, פארבייגיין אומבאַמערקט.

די דאָזיקע כאראקטערן און טעמפּעראַמענטן האָבן זייער גרונד אין דעם גראַד געזעלשאפטלעכן באַוואוסטזיין און שטאַנד־אַנגעהע־

ריקייט פון יעדן איינעם. מענטשן געזעלשאפטלעכע, פאָלקס־מענטשן, וואָס אחדות איז זייער געווער, גלויבן אין זייערע כוחות, מעסטן זיי, קאָארדינירן זיי, פאריייניקן זיי; מענטשן, וואָס שטייען אויסער דער געזעלשאפט, אזעלכע וואָס זייער געווער איז זייער פערזענלעכער באַזיץ, אינדיווידואליסטן, — קאבינעט־מענטשן, אָדער גאָר חלושים מיידן אויס דעם קאמף, אנטלויפן פון אים, פארקלייבן זיך אין זיך ווי דער מושעל אין זיין שאָלעכץ, אָדער גאָר טוען זיי ווי יענער שטרויס־פויגל, וואָס פאַרשטעקט דעם קאָפּ אינעם זאמד און מיינט, אז דער יעגער זעט אים נישט.

די אידישע געשיכטע איז פול מיט אזעלכע ביישפילן פון שטרייט ארום דער טאקטיק פון האלטן זיך לגבי דעם שונא און די צדדים פאר און קעגן קאמף זיינען שטענדיק די זעלבע. אויך די ארגומענטן זייערע זיינען די זעלבע, זינט בר־כוכבא און רבי עקיבא מיט זייערע פאָלקס־מענטשן און תלמידים און זייערע קעגנער די רייכע אידן פון רוים מיט יענע געלערנטע אידן, וואָס האָבן געראָטן זיך פארלאָזן אויף דעם חסד פון גאָט און פון דעם קייסער און אָנשטאָט מיט געווער זיך שטארקן מיט תורה און מצוות, ביז די אלערליי אידן פון היינטיקער צייט, וואָס אנטלויפן פון קאמף און באהאלטן אויס זייער מורא פאר זייער פאר־מעגן און פאר זייער נפש אין אלערליי אידישקייט־אידייען, אידייען וואָס ווייטערע געאָגראפיש און וואָס העכערע גייסטיק.

מיט זיי גייט אויך יענע אידישע אינטעליגענץ, וואָס שטייט ווייט פון די אידישע פאָלקס־מאסן, גלויבט נישט דעריבער אין דעם פאָלקס כוחות, אין זיין קאמפס־פעאיקייט, גלויבט נישט בכלל אין דעם כוח פון די פעלקער און אין זייער שטרעבן צו גערעכטיקייט, צו פרידן און צו ברידערשאפט און שטעלט זיך דעריבער אין דער שפיץ פון די רעזיגנירטע, פון די חלושים, וואָס זוכן דעם חיזוק אין דער באהעלטע־ניש, אין דער אָפּזונדערונג.

דאָס ערגסטע דערביי איז דאָס וואָס אָט די אידייען פון רע־זיגנאציע ווערן געפּריידיקט אין נאָמען פון ווידערשטאנד, פון קאמף פאר דערהאלטונג. ביי אונדז אין די אמעריקאנישע לענדער האָט דער דאָזיקער דרך געשאפן א גאנצע שול, וואָס אין איר שפיץ שטייט,

אָדער איר אויסדרוק איז — אונדזער בוענאָס־איירעסער „חודשלעכע אויסגאַבע פאַר אינטעגראַלער אידישקייט", ווי עס רופט זיך איצט דער זשורנאַל „שריפטן", געגרינדעט פון דעם פאַרשטאָרבענעם צבי שוואַרץ און ווערט איצט אַרויסגעגעבן מיט דער נאָענטער מיטאַר־בעט פון א. גאָלאָמב און י. עפּרויקין.

פאַר די פיר־פינף יאָר וואָס דער זשורנאַל עקזיסטירט, האָט ער באַוויזן אָפּצופּרעגן מיט דער הילף פון אַלטע און נייע אויטאָריטעטן — טייל געפעלשטע אָדע דורך אַרויסגעכאַפּטע זייטלעך, אָן א שייכות מיט זייער אַלגעמיינעם געדאַנקען־גאַנג — די וועלטלעכקייט, די אויפ־קלערונג, דעם קעמפּעריש סאָציאַליזם ווי פאַקטאָרן פון אידישער עקזיסטענץ און נאַציאָנאַלן אויפקום און פאַרקערט, זיי אַרויסגעשטעלט ווי פאַקטאָרן פון חורבן.

מיר האָבן שוין אין איינעם פון די פריערדיקע נומערן „איקוף" זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ספּעציעלער קאַמפּאַניע וואָס „שריפטן" האָט געפירט צו שטעמפּלען די „השכלה" אַלס פאַקטאָר פון אידישן חורבן. מיר האָבן דאָרט דערוויזן פּונקט דאָס פאַרקערטע, אַז די השכלה, וועלכע איז אויפגעקומען אין רוסלאַנד מיט דעם אָנהויב פון אידישן איבערגאַנג פון שטעטל צו גרויסשטאָט, איז אויך געווען דער אָנהויב פון דעם אידישן קאַמף פאַר רעכט און האָט געבראַכט מיט זיך די אידייע פון אַרבעט, וואָס זיי ליגן אינעם גרונט פון אַלע אידי־שע סאָציאַלע באַוועגונגען, פון די באַוועגונגען, וואָס האָבן פאַר־שטאַרקט אונדזער נאַציאָנאַלן קיום און אַרויפגעפירט דאָס אידישע פאָלק אויף דעם וועג צו זיין מלוכהשער ווידערגעבורט אין ארץ־יש־ראל ווי אין די גרענעצן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד.

מיר גלויבן נישט צו האָבן איבערצייגט די מענטשן, וואָס נעגירן אַלץ דאָס מאַטעריעלע — אחוץ זייערע אייגענע מאַטעריעלע אינטע־רעסן — אַלס באַזע פון אידישן נאַציאָנאַלן קיום און זוכן אים בלויז אין דעם אידישן גייסט, אין דער אידישער ספּעציפישקייט, אָפּגעזונדערטקייט און אויסדערוויילטקייט, וועלכע איז הויכע רוחניות, נאָר פעסטשטעלן דעם אמת, איז א חוב פון יעדן, וואָס האָט זיין אידישן אינהאַלט אין דעם אידישן קאַמף

פאר מענטשלעכן און נאציאָנאלן רעכט און האָט פאר די אויגן די ריזיקע גייסטיקע ווערטן, דעם גרויסן אידישן קולטור-אויפשוואונג, וואָס אָט דער קאמף האָט געשאפן אין משך פון דעם לעצטן יאָרהונ־דערט, וואָס זיי זיינען די גייסטיקע שפּייז פון אונדזערע דורות קעמ־פערישע אידן.

אינעם זעלבן גייסט פון נעגירן דעם ווערט פון דעם געזעלשאפט־לעכן קאמף אלס פאקטאָר פון אידישן קיום און אידישער שעפעריש־קייט, שטרייטן אין דעם זשורנאל די ריטער פון דער „אינטעגראלער אידישקייט". דער סוף זייערער איז, אז זיי, די אָנהענגער פון הוילער אידישער גייסטיקייט, פאלן אריין אין די נעצן פון דער גרעבסטער געצנדינערישקייט, ווען זיי נעמען זוכן די „פאָרמען", דעם „לבוש" פאר זייערע אבסטראקטע אידייען, נאָר דאָס איז א ווייטערדיקער ענין. קודם כל וויל איך אָנווייזן אויף דער קרובהשאפט פון אָט די ריטער פון דער „אינטעגראלער אידישקייט" מיט יענער אידישער אינטעלי־גענץ, ביי וועלכער עס איז פארבליבן נישט מער ווי א ווייטע רעמי־ניסצענץ פון אידישקייט. די קרובהשאפט זייערע באשטייט אין בייד־דנס באַדנלאָזיקייט, אין זייער ווייטקייט פון דעם אידישן עיקר, פון די מאסן פון אידישן פאָלק.

נאָך באלד אין אָנהויב פון דעם היטלערישן געיעג אויף די דייט־טשע אידן, ווען מען האָט נאָך אפילו קיין פארדאכט נישט געהאט אָדער נישט דערוועגט זיך צו פארדאכטן, אז דער מאָנסטער איז אזוי קרימינעל-פארברעכעריש אין דער טאט ווי אינעם וואָרט און וועט באַ־ווייזן אויסצומאָרדן זעקס מיליאָן אייראָפּעאישע אידן, דעריין כמעט דאָס גאנצע פוילישע אידנטום, האָט א איד, וואָס זאָגט אליין וועגן זיך, אז אים שמייכלט דער געפיל ווען עס איז זוכה זיין צו רופן זיך „איד", מחמת „נישט מען האָט אים דערצויגן פאר א אידן און נישט ער גע־פינט זיך אינערהאלב דער אידישער געזעלשאפט" — וואלדאָ פראנק — זיך פארטראכט וועגן דעם ווי אזוי אידן דארפן ענטפערן היטלערן; וואָס זאָלן זיי טאָן אויף צו פארבלייבן אידן, קעגן היטלערס באגער זיי צו פארניכטן; קעגן דעם פאשיזם, וואָס פארמעסט זיך אויף זייער לעבן.

אָנגעשריבן האָט דעמאָלט וואַלדאָ פראַנק זיין אידישן חשבון הנפש — אָפּגעדרוקט אינעם בוענאָס־אײרעסער זשורנאַל „סור", אַרויסגעגעבן פון דער אַרגענטינישער ליבעראַלער שריפטשטעלערן וויק־טאָריאַ אָקאַמפּאָ (יולי 1934). דאָרט האָט ער אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויף דעם אידישן מיטלקלאַס אין נ. אַמעריקע, וואָס איז אַזוי ייִיסטיק טעמפּ ווי דער אַלגעמיינער בעביט, ער האָט אָפּגעזאָגט קדיש נאָך דעם פּוילישן ווי אַראַבישן געטאָ־אידן מיט זיין רעליגיעזער און עקאָנאָמישער ספּעציפישקייט און אָפּגעזונדערטקייט און אָנגעוויזן בלויז אויף אַ אידישן רעשט — דעם אידישן אַרבעטער און סטודענט און די קליינע אידישע געשעפטסלייט, וויזיאָנערן, וואָס האָבן זייערע געשעפטן און זעען אָנקומען די נייע געזעלשאַפט פון סאָציאַלער גע־רעכטיקייט.

אָט דער רעשט, דער „שאָר מעט", וועגן וועלכן עס ריידן די נביאים, זאָגט ער דאָרט, וועט אויפהאַלטן דעם אידישן קיום. נישט מיט אָפּהיטן די אידישע טראַדיציעס, דעם אידישן שטייגער, די „מצוות מעשיות" און נישט מיט פאַרקלייבן זיך אין זייער אָפּגעזונדערטקייט און ספּעציפישקייט, ווי עס פאַרשרייבט דאָס אין זיין רעצעפּט פון „אינטעגראַלער אידישקייט" אַ. גאָלאָמב, נאָר, וואָס יאָ, אין זייער א ו י ס ד ע ר ו ו י ל ט ק יי ט (דערין איז ער מסכים מיט גאָ־לאָמבן), אַלס טרעגער פון די אידישע אידעאַלן, דורך שפּינאָזע און קאַרל מאַקס. שפּינאָזע — דער המשך פון משה רבינו און קאַרל מאַרקס — דער המשך פון די נביאים.

עפּרויקין איראָניזירט אפילו וואַלדאָ פראַנקן, רופט אים אָן „סאָ־לאָן־סאָציאַליסט" און פּרעטענדירט אַריינצונעמען אין זיין אינטעג־ראַלער אידישקייט אויך די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין ארץ־ישראל און אין גלות, ער זאָגט אָבער נישט, ווי אַזוי ער וועט צונויפפּאָרן אין לעבן — נישט אינעם אינטעגראַלן רעצעפּט — די פאַרגליווערטקייט פון דער רעליגיעזער דאָגמע און שטייגער מיט דער דינאַמישקייט פון סאָציאַליסטישן קאַמף און כסדרדיקער פאַרענדער־לעכקייט פון די סאָציאַלע פאָרמען. ער פאַרלאָזט זיך בלויז אויף דער

צייט; די צייט, וואָס האָט דערנענטערט אָרטאָדאָקסישע אידן מיט ציוניזם, וועט זיי אויך דערנענטערן צום סאָציאַליזם...

עפרויקין איז גאָר אויף קיין איין ווײַלע נישט חושד, אז אין דעם מאָמענט, וואָס די אָרטאָדאָקסישע אידן האָבן זיך דערנענטערט צום ציוניזם, זיינען זיי געוואָרן אויס אָרטאָדאָקסן, מחמת זיי האָבן אויפגעגעבן איינעם פון די אָרטאָדאָקסישע עיקרים — דאָס פּאסיווע וואַרטן אויף משיחן, און אז מער האָבן זיך די ציוניסטן דערנענטערט צו דער אָרטאָדאָקסיע, דערמיט וואָס זיי זיינען געוואָרן די פּארטיי־דיקער פון די רעליגיעזע טראַדיציעס און זיי געשטעלט אינעם גרונט פון דער ציוניסטישער מלוכהשקייט. ער ברענגט באַווייזן, וואָס זאָגן עדות וועגן דער אומפארשטענדעניש פון די „מחזיקי הדת" פאַר דעם אידישן נאַציאָנאַלן קאַמף און אָנשטאָט צו לערנען דערפון די סתירה, וואָס שטייט צווישן זיי, וואונדערט ער זיך בלויז.

די אידישע רבנים, וואָס האָבן אריינגעלייגט אין חרם דעם פּראָ־פעסאָר קאַפּלאַן פאַר זיין נייעם „סידור" אויף אידיש, האָבן גלייכ־גילטיק צוגעזען, ווי אידן פילן אן זייערע בייטלען פון האנדלען מיט דייטשער סחורה בעת די דייטשן האָבן געשאָכטן מיליאָנען אידן. און צי דען איז עס בלויז דערפאַר, וואָס אינעם „חושן משפט" איז נישט פאָרויסגעזען דער מין פאַרברעכן, וואָס מען האָט אים געקענט ארויס־דרינגען אפילו פון מעשה עכן, ווען מ'וויל, און נישט דערפאַר וואָס צווי־שן דער אָרטאָדאָקסיע און דער גבירהשאַפט איז פון קדמונים איינגע־שטעלט א הייליקער בונד? און צי דען נישט דערפאַר האָבן רבנים געמסרט אידישע סאָציאַליסטן און זיך געחברט מיט דער שוואַרצסטער רעאקציע?

עפרויקין דערציילט וועגן דעם „נס אין געטאָ", ווען א פרומער איד, א רב, האָט זיך געשטעלט אין קאַמף קעגן שונא אין איין ריי מיט די אידישע קאָמוניסטן, בונדיסטן און ציוניסטן, און הערט אליין נישט, אז דאָס איז געווען א נס, פאַרגעסנדיק דערביי דעם מאמר חז"ל — ער וואָס איז זיך סומך אזוי פיל אויף מאמרי חז"ל — „אין סומכין על הנס". איך פאָלעמיזיר נישט מיט עפרויקינען צוליב פּאָ־לעמיזירן און בין גאָרנישט אזא קטיגור בטבע, נאָר איך קען מיר

נישט פֿאַרשטעלן, ווי אַזוי מען קען בויען אַ סאָציאַלע טעאָריע און נאָך ווייניקער אַ גייסטיקע, אויף נסים.

פֿאַראַן אינעם אידישן לעבן, ווי אינעם נישט-אידישן, אַלערליי „נסים": געוווען אַ אידישער רב, וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פֿון אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן אין אוקראַינע אין די ערשטע טעג פֿון דער ראַטנמאַכט און האָט אָנגעפֿירט מיט זייער אָרגאַניזאַציע „סיעטמאַס" (סאָיוז יעווריייסקיך טרודיאַשטשיכסיאַ מאַס), נאָר דערפֿון האָט קיינער נישט געדרונגען, אַז רבנים דאַרפֿן זיך שטעלן בראש פֿון די האָרעפּאַשנע מאַסן. פֿאַראַן איז אין ניו-יאָרק אַ רב, וואָס אַרבעט מיט אין „די אידישע קולטור", אָרגאַן פֿון נאָרד-אַמעריקאַנער איקוף, און אין „איינהייט" אַרבעטן מיט מער ווי איין רב און דאָך וועט קיינער דערפֿון נישט דרינגען, אַז רבנים אין כּלל זיינען אָרגאַנישע שותּפֿים אין דער אידישער קולטור-אַרבעט.

און דאָ קומען מיר צו דער ווירקלעכקייט. דער אידישער ווידערשטאַנד, דער אידישער גזעלשאַפֿטלעכער קאַמף, דער אידישער קולטור-קאַמף, האָבן זייערע אָרגאַנישע און נאַטירלעכע שותּפֿים. דאָס זיינען די אידישע מאַסן, די אַרבעטער, די יוגנט, די פֿאָלקס מענטשן, די וועלטלעכע אידן, אידישע געשעפֿטסלייט, וואָס געדענקען זייער פּראָלעטאַרישן אָפּשטאַם און, ווי זאָגט וואַלדאָ פֿראַנק, זיי האָבן פֿאַר זיך די וויזיע פֿון דער צוקונפֿטיקער גערעכטער געזעלשאַפֿט.

זיי האָט פֿאַראייניקט דער קאַמף אין דער וואַרשעווער געטאָ און אין אַלע געטאָס, נישט געקוקט אויף זייער אידעאָלאָגישער חילוקי-דעות; צו זיי האָבן זיך געווענדט די פּאַרופֿער פֿון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור-צוזאַמענפֿאָר, אָן אונטערשייד פֿון אידעאָלאָגיע, צוליב דער פֿאַרטיידיקונג און באַפֿעסטיקונג פֿון דער אידישער מאַסן-קולטור, ווען דער היטלעריזם האָט אויף איר אויפֿגעהויבן זיין האַק. דער ריס, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישן די פּאַרופֿענע, איז דאָס אומנאַטירלעכסטע, וואָס האָט געקענט געשען און דערפֿאַר אויך גלויבן מיר, אַז ער קען און וועט פֿאַריכט ווערן. מיר זיינען צווישן זיך נישט „קאַראַי-

מיש" צעריסן, ווארום דער קאראימישער ריס, ווי דער צדוקישער, האבן אונטער זיך געהאט א סאציאלן באדן און אונדזער קולטור־ריס האט דאס נישט.

דאס אייגענע דארף געזאגט ווערן מכוח אונדזער געזעלשאפט־לעכן קאמף און אונדזער געזעלשאפטלעכער אייניקייט. נישט יעדע געזעלשאפטלעכע צעריסנקייט צווישן די אידישע הארעפאשנע מאסן, וואו דאס זאל נישט פארקומען, איז א באוויז פון געזעלשאפטלעכער קלוגשאפט און ווייטזיכטיקייט. און אט די גאנצקייט צווישן די אי־דישע מאסן איז די באזע פון דער אידישער אייניקייט; זייער ווידער־שטאנד, זייער געזעלשאפטלעכער און קולטור־קאמף, איז די שעפע־רישע יערונג, וואס שאפט אידישע קולטור-ווערטן, אידישן אינהאלט און אויך אידישע פארמען.

מיר האבן נאך נישט פארענדיקט באוויינען אונדזערע געפאַ־לענע מארטירער און מיר טוען דאס ווי עס דיקטירט אונדז די פיע־טעט פאר זייער קאמף און פאר זייער טויט, מיט א קדיש אדער מיט דעם פארטיזאנען־ליד; מיר האבן נאך נישט פארענדיקט שרייבן די כראניק פון אט דעם מאוימדיקן אידישן חורבן, אבער, מיר זעען שוין ארויס די שפיצן פון דעם ווידעראויפבוי און פון דעם ענגילטיקן נצחון. מיר לייגן צו א האנט צו דעם אויפבוי און צו דעם נצחון מיט אונדזערע סאלידארישע אקציעס און אויך דער יום-טוב וועט זיין אונדזערער פונקט ווי דער טרויער.

אזא אקטיוו פאלק, ווי מיר זיינען, נויטיקט זיך נישט אין פאר־גליווערטע דאגמעס און שטייגער אויף צו קענען און מעגן זיך אנרופן פאלק. אזא אקטיוו פאלק, ווי מיר זיינען, קען זיך נישט פארשליסן אין אפגעזונדערטקייט, אין ספעציפישקייט און אין אויסדערוויילטקייט. און אויב מיר זיינען דאך ספעציפיש, באזונדער און אויסדערוויילט, איז עס דערפאר וואס מיר זיינען אן אלט קולטור־פאלק און אין דער זעלבער צייט אויך א נייַ קולטור־פאלק, און קיין שום ווינטן קענען אונדזער קולטור-פנים נישט פארווישן, אפילו קעגן אונדזער אייגענעם ווילן.

לאָמיר נאָר זיין אקטיוו, געזעלשאפטלעך און קולטורעל דינאמיש, פארייניקט אין אונדזער ווידערשטאנד און די אלע באבסקע רפואות, ווי מען זאָל זיי נישט אָנרופן, וועלן זיין לעבערלעך נישטיק קעגן דער שפע פון די אידישע קולטור־ווערטן און יום-טובים, וואָס מיר וועלן ערשט האָבן!

# נעאָ־ספרדיזם

מיט אַ אומפּאַרצייַלעכער לייכטקייט, שיר נישט לייכטזיניקייט, ווערט ביי אונדז אין ארגענטינע אַרויסגעזאָגט אין דער עפנטלעכקייט, אַז אונדזער אידישע יוגנט שאַפט דאָ אין אַרגענטינע און אין די אַנ־דערע לאַטייניש־אַמעריקאַנישע לענדער אַ נעאָ־ספרדיזם", דערמיט וואָס זי רעדט שפּאַניש, לייענט שפּאַניש אָדער באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך פאַר אירע געזעלשאַפטלעכע אַקטן און אַקציעס.

נעאָ ספרדיזם דאַרף דערביי מיינען, נאַטירלעך, נישט די צרות וואָס אידן האָבן דורכגעמאַכט אין משך פון די יאָרהונדערטער וואָס זיי האָבן געלעבט אין שפּאַניע — די שקלאַפעריי אין די ערשטע יאָר־הונדערטן פון זייער באַזעצונג, צווישן זיבעטן און צענטן, און די שחיטות צווישן צענטן און פערצנטן; דאָס דאַרף מיינען די אַזוי גערופענע „גאָלדענע עפּאָכע" פון אידישן שאַפן, אין אַראַביש, אַרמיש, העב־רעיש און שפּאַניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט סעדיהו גאון און זיך פאַרענדיקט מיט דאָן יצחק אבארבאַנעל און האָט צווישן זיך אַזעלכע שעפערישע פּערזענלעכקייטן ווי דער רמב"ם, אַלפסי, משה דע לעאָן (מחבר פון „זוהר"), יהודה הלוי, איבן גבירול.

מיר מוזן דאָ פאַר אַלעמען אויפקלערן די דערפינדער פון דעם נייעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן טערמין „נעאָ־ספרדיזם", אַז אין אַט דעם רייכן שאַפן, פון די אידן אין שפּאַניע, פאַרנעמט שפּאַניש דעם קלענסטן און דעם נישט אָנגעזעענסטן אָרט. קיין איין וויכטיק ווערק אין שפּאַניש איז די אידן נישט פאַרבליבן פון זייערע אַכט הונדערט

יאָר לעבן אין שפּאַניע. די ממש אויסגעקראַצטע פון די ארכיוון שפּאַ-נישע „קאָפּלאַס" אָדער „מעסערס" פון רבי שם־טוב, זיינען מיט דער גאַנצער חכמה וואָס זיי אנטהאַלטן, נישט מער ווי פאַרהויז־קניקסן פון דעם אידישן שתדלן פאַרן מעכטיקן האַר פּעאָדאַל אָדער קעניג און נישט קיין אויסדרוק פון אידישן געדאַנק.

די הויפּט־שאַפונגען פון אידן אין דער שפּאַנישער עפּאָכע, זיי-נען געשריבן אין אראַביש. און דאָס איז געווען נישט דערפאַר וואָס די אידן אין יענער עפּאָכע האָבן גערעדט אראַביש, נאָר דערפאַר וואָס אראַביש איז אין יענער צייט געווען די שפּראַך פון דער וויסנשאַפט און פון דער פּאָעזיע, ווי שפּעטער לאַטיין. נישט אפילו ווי אַפּאָטאָשו מיינט אין זיין פּאָרטראַג וועגן אידיש, וואָס ער האָט געהאַלטן ביים ערשטן אידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז (1937), אז דאָס איז דערפאַר וואָס אראַביש איז אַ שוועסטער־שפּראַך מיט העברעיש, ווי אַרמיש.

כדי צו שרייבן פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע ווערק אין אראַביש, האָט אראַביש נישט געמוזט זיין די שפּראַך פון די אידישע מאַסן, פּונקט ווי אויף צו שרייבן זייערע פילאָזאָפישע ווערק אין לאַטיין, האָט לאַ־טיין נישט געמוזט זיין די פאָלקס־שפּראַך פון דעם אידן שפּינאָזע, פון דעם פראַנצויז דעקאַרט, פון די דייטשן לייבניץ, קאַנט און העגעל. מעגלעך, אז די אידן בעת דער אראַבישער הערשאַפט אין שפּאַניע האָבן טאָקע גערעדט אראַביש, ווי עס ריידן אראַביש אויך איצט די אידן אין די אראַבישע לענדער, נאָר צום גייסטיקן שאַפן פון די אידן האָט דאָס קיין שייכות נישט געהאַט. פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע האָט מען ביי אידן, פּונקט ווי ביי די קריסטלעכע פעלקער געשריבן אין אַ שפּראַך וואָס דאָס פאָלק פאַרשטייט נישט, אין דער הויכער, נישט דערגרייכבאַרער שפּראַך פון דעם וויסן. און מען מעג דאָס אויך וויסן, אז דאָס אראַביש פון דער פילאָזאָפיע, איז נישט געווען די אראַבישע פאָלקס־שפּראַך, נאָר פּונקט אַזאַ שריפט־שפּראַך ווי העברעיש איז זינט גלות בבל ביז היינטיקן טאָג.

די שפּראַך פון דער רבנישער ליטעראַטור אין שפּאַניע, איז אַלץ די אַראַבישע אָדער דער וואָס ווייטער אַלץ מער אַרמיזירטער הע־

ברעיש פון די בבלישע ישיבות, די שפּראַך פונעם תלמוד, וואָס איז אַריבער צו זיינע מפרשים, רעקאָפּילאַטאָרס און קאָדיפיקאַטאָרס, וואָס זייער גרעסטער פאָרשטייער אין שפּאַניע איז געווען ר׳ יצחק בן יעקב אלפסי. וואָס מיינט דאָס? דאָס מיינט, אַז יענע איינציקע גרויסע דערשיינונג פון שפּראַך-איבערגאַנג אין דער אידישער געשיכטע, וואָס מען קען פאַרגלייכן מיט דער אידיש־דערשיינונג, איז אין שפּאַניע פאַרבליבן אומבאַרירט און פאַרגליווערט, אָן שום ווירקונג אויף איר מצד דער אומגאַנג־שפּראַך. שפּאַניש האָט קיין כוח נישט געהאַט מיט עפּעס צו באַווירקן די שפּראַך פון דער רבנישער ליטעראַטור, וועלכע דינט אונדז ווי דער גראַדוסניק, מיט וועלכן מען קען מעסטן די וויר־קונג פון דער אידישער פאָלקס־שפּראַך — אַרמיש אויף דער אידי־שער שריפט־שפּראַך — העברעיש. און מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? דאָס דערקלערט זיך דערמיט, לויט מיין מיינונג, וואָס תורה־לערנען און די תורה אויסטייטשן און פאַרשטיין איז דעמאָלט געווען אַ פאָלקס באַוועגונג. טויזנטער און טויזנטער תלמידים — קעמפער האָבן אויפגעשטעלט די תנאים, וועלכע האָבן פאַרבונדן אין איינס דעם קאַמף פאַר דעם פיזישן און גייסטיקן קיום פונעם אידישן פאָלק. עס גייען געפּאָרט אין יענער צייט קאַמף, מאַרטירערטום און ווויסנדורשט. אַ באַוועגונג, פון וועלכער עס הויבן זיך אַרויס אַזעלכע ריזן־פיגורן ווי רבי עקיבא און בר־כוכבא. די תורה, מיינט עס, איז דעמאָלט נעגאַנ־גען צום פאָלק און גערעדט צו אים אין זיין שפּראַך, אין זיין שפּראַך זיך געלאָזט טייטשן און פאַרשטיין. אין שפּאַניע זיינען אַזעלכע פאָלקס באַוועגונגען ווי אין בבל און אין רוים און ווי אין די רוימישע קאָלאָ־ניעס נישט געווען און אַזא גרויס ווערק ווי דער „זוהר", וואָס מען שרייבט דאָס צו דעם שפּאַנישן אידן משה דע לעאָן, וועלכער האָט גע־לעבט אינעם צוועלפטן יאָרהונדערט, איז געשריבן אין אַרמיש. די שפּראַך פון דער אידישער פּאָעזיע אין שפּאַניע איז געווען העברע־איש: רבי יהודה הלוי, איבן גבירול, אלחריזי... זי איז געשטאַנען נאָענט צו דער אידישער תפילה, צווישן וועלכע עס איז געליגן אַלס בריק דער „פיוט".

אמת איז נאָר, אַז אין שפּאַניע האָבן אידן גערעדט שפּאַניש און

אפילו א געוויסן אידישן פאָלקלאָר געשאַפן אין שפּאַניש. צי זיי האָבן די שפּראַך איבערגענומען מיט דעם גוטן ווילן, אוים ליבע צו איר, ווייל זיי האָבן זיך איינגעקנאָטן אין דעם שפּאַנישן פאָלקס־טייג, פון וועל־כן זי איז אויסגעקנאָטן און אויסגעבאַקן, נעמען מיר זיך נישט אונ־טער צו זאָגן. צו שאַרף שטייט אונדז פאַר די אויגן יענער ווייטער יאָרהונדערט ווען די אַלערליי אינוואַזאָרן אין שפּאַניע האָבן פאַר־וואַנדלט אידן אין צוואַנג־זעלנער און אין שקלאַפן, אַז מיר זאָלן דאָס קענען זאָגן מיט א לייכטן געמיט. שקלאַפן ווייסן מיר, נעמען נישט איבער א שפּראַך אוים ליבע צו איר, ווי זיי דינען נישט דעם האַר אוים ליבע. און אָן ליבע, איז קיין פּאָעזיע נישטאָ און בכלל קיין שאַ־פונג נישטאָ.

אָט דאָס איז דער אמת וועגן אידישן שאַפן אין שפּאַניע און זיין שייכות צו דער שפּאַנישער שפּראַך. וואָס שייך דעם ווייטערדיקן אי־דישן שאַפן פון די ספרדישע אידן, איז ער ווייטער פון רבנישן און קאַבאַליסטישן נישט אוועק און קען אוודאי נישט דינען אונדז אַלס ביישפּיל פון אונדזער היינטיקן וועלטלעכן שאַפן. נעאָ־ספרדיזם הייסט, נעמען אַלס ביישפּיל פאַר דעם קולטור־לעבן פון אונדזערע קו־מענדיקע דורות אין ארגענטינע און אין לאַטיין־אַמעריקע דאָס אַמאָ־ליקע אידישע שאַפן אין שפּאַניע און דאָס היינטיקע שאַפן פון די ספרדישע אידן, און דאָס מיינט דעריבער אויך שטעלן זיך אַלס מוס־טער גייסטיקע אָרימקייט און פאַרגליווערטקייט.

וואָלט הינטער דעם שפּילן זיך מיט דעם טערמין געשטאַנען בלויז די נישט באַקאַנטשאַפט מיט דער מאַטעריע, וואָלט דאָס נאָך געווען צו דערליידן, כאָטש מענטשן וואָס פּרעטענדירן אויף פּסקענען קולטור־געשיכטלעכע שאלות, זיינען מחויב צו וויסן עפּעס מער און עפּעס גרינטלעכער וועגן דער אידישער קולטור־געשיכטע. אָבער, הינטער דעם פּראָקלאַמירן דעם נייעם טערמין ליגט עטוואָס ערגערס: עס ליגט הינטער דעם דער לייכטער און לייכטזיניקער הסכם צו דער אַסימילאַציע פון דער אידישער יוגנט אין ארגענטינע, דער הסכם צו איר אָפּזאָגן זיך פון דער אידישער שפּראַך, אין וועלכער אידן לעבן און שאַפן אין משך פון גאַנצע טויזנט יאָר.

אידיש איז די שפּראַך וואָס אידן אַליין האָבן זי געשאַפן לעבנ־דיק אין איר, ווי זיי האָבן געשאַפן דעם אַרמיזירטן העבּרעיִש אָדער העבּרעיִזירטן אַרמיש פונעם תּלמוד, מיט העכער צוויי טויזנט יאָר צוריק. אָפּזאָגן זיך פון אידיש באַטייט איצט אַ נאַציאָנאַלן, אַלנ־פאָלקס, אַ קולטורעל־נאַציאָנאַלן זעלבסט־מאָרד.

אַ איד, אַ יחיד, קען ביי זיך פועלן אוועקצואוואַרפן אַ טויזנט יעריקע קולטור־ירושה אָדער מיינען, אַז ער וואַרפט זי אַוועק, נישט מערקנדיק ווי דער שאָטן אירער גייט אים נאָך; נאָר אַרויסשטעלן אַט דעם זעלבסטמאָרד אָדער די זעלבסט־פּאַראַלימונג ווי אַ פּראָגראַם פאַר די ווייטערדיקע אידישע דורות, אויסנוצנדיק זיך מיט דער לאַנגע וואָס אַזא איד פאַרנעמט אלס פירער פון אַ אידישער קולטור־אינס־טיטוציע, טאָר נישט געדולדעט ווערן און אַזעלכע לאָזונגען מוזן באַ־קעמפט ווערן.

אָפּזאָגן זיך פון אידיש און פון אידיש־שאַפן מיינט אָפּזאָגן זיך פון דעם וועלטלעכן אידישן נאַציאָנאַלן לעבן, פון רייכן אידישן קול־טור־המשך. און צוליב וואָס? צוליב דעם חשק עמיצן אַ שטאַרקערן פון זיך מהנה צו זיין מיט אונטערטעניקייטס געפילן אָדער טאַקע אויס נישט געדענקיקייט מיט דער וועלטלעכער קולטור וואָס דרינגט אַריין דורך דער אידישער שפּראַך צו די מאַסן פונעם אידישן פאָלק.



# די וועלטלעכע אידישע שולן: זייער באַזע און זייערע בויער

אויף קיין שום געביט אינעם אידישן לעבן איז מען נישט אידייאיש אַזוי צעקריגט מיט דער ווירקלעכקייט ווי אויף דעם געביט פון דער אידישער דערציונג. אינעם לעבן זיינען מיר דורכוים וועלטלעך און רעאַליסטיש, הייגטוועלטיק ביז דער סעקונדע; דערציעריש — אידיש דערציעריש מיינט עס דאָ — שטעקן מיר נאָך גאַנץ היפּש מיטן קאָפּ... נישט אין הימל, ניין, נאָר ווייט הינטער אונדז אין דער געטאָ, אין טונעיאַדעווקע, אָדער גאָר אין אַ צוקונפטיקן העברעישן שטאַט. פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך דענקט יעדער איד רעאַל און וועלטלעך מיט די היינטיקע קאָנצעפּציעס פון מענטשלעכן רעכט און זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער, דער מזרחי אפילו, מיט זיין גאַנצן שטרעבן צו אַ רעליגיעז־אידיש לעבן אין פּאַלעסטינע, דענקט פּאָליטיש מיט די היינטוועלטיקע טערמינען פון דער וועלט־פּאָליטיק, נאָר ווען עס קומט צו דער אידישער דערציונג פון זיין קינד, פאַרלירט ער יעדן קאָנטאַקט מיט דער ווירקלעכקייט. אַזוי לאַנג שוין דערין ווי מען לאַכט ביי אונדז אוים דעם משכּילישן לאָזונג, געוואָרפן פון דעם העברעישן דיכטער י. ל. גאָרדאָן: „זיי אַ איד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס", וואָס צערייסט דעם אידישן מענטש אויף צווייען, אויף איד און מענטש און שטעלט אוועק די צוויי טיילן איינעם קעגן צווייטן און פירט צו טראַגעדיע אָדער צו ציניש גלייכגילט, און נאָך

איז ביי אונדז די דערציונג פון די אידישע קינדער א צעריסענע: א צוואנגלעבע וועלטלעכע דערציונג פאר דער מלוכה און א אידישע דערציונג פאר א „יענער וועלט", צי די יענע וועלט געפינט זיך אין הימלישן גען־עדן, אין א פאלעסטינער „קבוצה" אדער ביורא אדער אין פרעם א דערציילונג און לייוויקס א ליד...

די וועלטלעכע אידישע שול האט אויף זיך גענומען אפצושאפן אט די צעריסנקייט, אט דעם תהום, וואס ליגט צווישן דער אידישער דערציונג און דעם אידישן לעבן. אירע פּאָרויסגייער, די אידישע לערער, וואס האבן ארום 1904, אויב איך האבן קיין טעות נישט, געגרינדעט די ערשטע צוויי אידישע וועלטלעכע שולן, איינע אין קיעוו און די צווייטע אין ווילנע, האבן פארייניקט די וועלטלעכע דערציונג מיט דער אידישער, זיי האבן געגעבן דעם אידישן קינד וועלטלעך וויסן און אידיש וויסן אין וועלטלעכן גייסט. ממה נפשך, האבן זיי געטענהט, לעבן אידן א וועלטלעך לעבן, דארפן זיי זיין צוגעגרייט צו דעם. פארטרויען מיר די אידישע עקזיסטענץ און די אידישע צוקונפט דעם געזעלשאפטלעכן וועזן אונדזערן און דעם קאמף, וואס מיר פירן פאר אידישע רעכט, פאר נאציאנאלער אויפריכטונג, איז עס אונדזער הייליקער חוב צו ריכטן אויף דעם וועג אונדזערע קינדער, מחנך צו זיין אין דער געזעלשאפטלעכקייט און אין דעם קאמף, וועלכן מיר טרויען אן אונדזער עקזיסטענץ און אונדזער צוקונפט. איז אידיש די שפראך פון אט דער געזעלשאפטלעכקייט און פון דעם קאמף, מוז זי פארמאגן אין זיך דעם גאנצן כוח וואס אזא געווער ווי שפראך, דארף האבן, וואס דאס מיינט אלע מענטשלעכע דערפארונגען: דאס אלטע ווי דאס נייע וויסן.

אט די באזע פאר דער וועלטלעכער אידישער שול האבן איבערגענומען די בויער פון דער נעץ וועלטלעכע אידישע שולן אין פוילן און אין ליטע, ווי אויך די אידישע שולן אינעם ראטנפארבאנד מיט זיין נאציאנאלער פאליטיק, וואס האט פאר זיי אויסגעטיילט די אידישע פערטלען אין די שטעט, די אידישע שטעטלשע ישובים און די אידישע ערדארבעטער־ראיאנען. און צוגעבן דארף מען דא, אז אט די וועלטלעכע אידישע שולן, זיינען פון זייער זייט געווארן — אדאנק

דעם געזעלשאפטלעכן אינטערעס ארום זיי און אין זיי — א נייער פאקאטאר פון אידיש לעבן סיי אין פוילן און ליטע און סיי אינעם ראטנפארבאנד. אזוי אגב, איז עס מיט דער אידישער וועלטלעכער קול־טור בכלל. דער אידישער געזעלשאפטלעכער קאמף אינעווייניק און אינדרויסן, דער קאמף פאר דער דעמאקראטיזירונג פון זיין אייגן לעבן און דער קאמף פאר זיינע מענטשלעכע און נאציאנאלע רעכטן, האבן געשאפן אינעם אידישן פאלק די מאדערנע קולטור־ווערטן זיינע: זיין ליטעראטור און פרעסע, זיין טעאטער, זיינע ביבליאטעקן, מו־זייען און וויסנשאפטלעכע אינסטיטוטן. און אט די געשאפענע קול־טור־ווערטן זיינען, פון זייער זייט, געווארן נייע פאקטארן פון אי־דיש לעבן, פון אידישער געזעלשאפטלעכקייט, פון שאפערישן קאמף.

מיר דא — איך מיין אין ארגענטינע — די אנהענגער פון די וועלטלעכע אידישע שולן, שטייען אויף דער זעלבער באזע, ווען אפילו אונדזערע וועלטלעכע אידישע שולן פילן נישט אוים דערוויל די גאנ־צע אויפגאבע וואס די שולן האבן אין די מזרח־אייראפעישע לענדער. מיר גיבן נאך נישט אונדזערע קינדער זייער וועלטלעך וויסן אין דער אידישער שול. איך האלט, אז מיר וואלטן דאס שוין לאנג געקענט איינפירן, און איצט אוודאי און אוודאי, ווען מיר האבן אזעלכע רח־בותדיקע שול בנינים. ווען איך זאג, אז מיר שטייען דא אויף דער זעלבער באזע, מיין איך נישט נאר אין אידייאישן זין און ווי א נאכ־טאן די „אלטע היימען"; מיר דא האבן מיט אונדזער געזעלשאפטלעכן כוח אויפגעשטעלט אן ארגאניזירט אידיש לעבן, וואס האט זיינע ווירטשאפטלעכע יסודות, א ארגאניזם מיט זיינע ארגאנישע לעבנס כוחות. אונדזער גייסטיק אידיש לעבן איז שוין אויך נישט בלויז אן אריבערגעבראכטער, אן איבערגעפלאנצטער, ער האט שוין דא זיינע אייגענע שאפערישע קוואלן. אונדזער ארטיקער געזעלשאפטלעכער קאמף איז שאפעריש דא ווי אומעטום, ער האט דא געשאפן אונדזערע אידישע אינסטיטוציעס, ער האט געשאפן אונדזער פרעסע, ער שאפט אונדזער ליטעראטור, אונדזער טעאטער, אונדזערע שולן און זיי ווידער האבן זיך פארוואנדלט אין נייע שאפערישע פאקטארן און נייער שא־פערישער ענערגיע.

אָט דער באַוואוסטזיין פון אומויפהערלעכער שאַפערישקייט צייכנט אוים דאָס וועלטלעכע אידישע לעבן בכלל און דערין אויך די וועלטלעכע אידישע שול. ווען מען פרעגט אונדז דעריבער וואָס אַזוינס איז דער אינהאַלט פון דער וועלטלעכער אידישער שול, ענטפערן מיר: איר אינהאַלט איז די אידישע שעפערישקייט, דער לעבנס וועג פון דעם אַלט־נייעם, שטענדיק זיך באַנייענדיקן אידישן פאָלק. אין אָט דער שאַפערישקייט פירן מיר אַריין און אויף אָט דעם וועג פירן מיר אַרויף דאָס אידישע קינד. און דערפאַר אויך קלינגט עס אונדז מאָדנע, ממש קאָמיש, ווען מען וויל אויספילן דאָס אידישע לעבן און די אידישע שול מיט עפּעס אַזוינס וואָס מען האָט א נאָמען געגעבן „אינטעגראַלע אי־דישקייט״, א זאַך, וואָס מען האַלט זי ערשט אין אויסגעפינען, אין פאָרמולירן, — עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן אין לאַ־באָראַטאָריעס פון די אידישקייט־אַלכעמיקער מיט דעם פילאָזאָפישן שטיין, ווי דאָס סינטעטישע גאָלד... און גראָד באַגעגנט מען צווישן אָט די אַלכעמיקער פון דער אינטעגראַלער אידישקייט מענטשן וואָס געפינען זיך אינערהאַלב דער אידישער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־שאַפערישקייט.

מיר פאַרשטייען יענע אידן, וואָס זעען אידישקייט אין דער גע־שטאַלט פון אַן אַלטן, גאָר אַלטן קאַנאָניזירטן שטייגער, — אַזא ווי זיי האָבן אים געזען אין דעם פאַרשפּעטיקטן מיטלאַלטער פון די מזרח־אייראָפּעישע שטעט און שטעטלעך, — א קאַנאָניזירטן שטייגער, וואָס די צייט, וואָס צעפרעסט אפילו אייזן און צעקרישלט די פעלדזן פון ים און מאַכט פון זיי שטויב, האָט פון איר, פון דער אידישקייט, אָפּ־געקרישלט שטיק נאָך שטיק און באַלד בלייבט שוין פון איר גאָרנישט... אָן אָט דער אידישקייט פילן זיי זיך פאַרלוירן, ווייל קיין אנדערע האָבן זיי נישט, נישט זיי און נישט זייערע קינדער... און זיי רעכענען, אז מען קען פון ערגעץ צוריקבאַקומען די אָפּגעקרישלטע שטיקער שטיי־נער, די פאַרטראָגענע מיטן ווינט טראַדיציע און זיי ווידער צוקלעפּן צו אָט דעם אַלטן בלאָק. צו זיי אַליין קלעפּן זיך שוין נישט אָט די אָפּגעבראָכענע שטיקער, איז עפּשער, טראַכטן זיי זיך, קען מען אָט די אָפּעראַציע דורכפירן איבער די קינדער פון די אידישע שולן, צו־

ריקקערן זיי צו דער געשטאַלט פון די זיידעס און פון די באָבעס, פון אָט יענע „גאַנצע אידן", ווי מען איז געוואוינט צו זאָגן, פון יענע גאַנצע, פון זייער אָרט נישט גערירטע און פון דער צייט נישט באַרירטע אידן...

נאָר וויפל זיינען זיי פאַראַן אַזעלכע אידן? וויפל זיינען זיי פאַראַן, מיין איך, וואָס האָבן אַ רעכט אַזוי צו דענקען און נישט אויסזען ווי פאַרסאַנטן? די וועלטלעכע אידן, וואָס בויען די וועלטלעכע שולן אויף דער באַזע פון דעם באַוועגלעכן עוואָלוציאָנירנדיקן אידישן לעבן, אַלנפאַלס, קענען זיך צו זיי נישט צוהערן.

גאַנץ בוילעט קומט צום אויסדרוק די ברייטקייט פון דער אידיש־וועלטלעכער פעריפעריע און איר געזעלשאַפטלעכער און קאָנסטרוקטיווער כוח, ווען מיר נעמען אין אַכט, אַז די שול־בנינים, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט, זיינען דער פּראָדוקט פון איניציאַטיוועס און זייער רעאַליזירונג, וואָס זיינען דורכויס געשטיצט אויף דעם וועלטלעך געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין און אויף דער דעמאָקראַטישער קאָלעקטיווער פינאַנצירונג זייערער. צוגעבן דערצו דאַרף מען נאָך, אַז די פעריפעריע, וואָס פינאַנצירט אָט די שולן און שיקט אין איר אירע קינדער צו באַקומען אַ וועלטלעכע אידישע דערציאונג, איז די פעריפעריע פונעם אידישן קולטור־לעבן אין דער הויפטשטאָט. און זי איז עס אויך די, וואָס האַלט אויס די וועלטלעכע אידישע שולן אין די פּראָווינץ־שטעט.

מען קען אויף אַ מינוט נישט פאַרגעסן, אַז אָט דער געזעלשאַפטלעכער כוח, וועגן וועלכן מיר ריידן דאָ אין זיין צוזאַמענגענומענקייט, איז נישט קיין גאַנץ איינהייטלעכער. עס זיינען טעטיק אין אים פאַרשידענע ריכטונגען, און ווען מען רעדט פון די וועלטלעכע אידישע שולן, קומען פאַר די אויגן די דריי ריכטונגען, וואָס קאָנצענטרירן זיך אַרום אָט די שולן: די ריכטונג פון די שולן, וואָס גרופּירן זיך אַרום „איקוף" (ד"ר חיים זשיטלאָווסקי־שול אין ווילאַ דעל פּאַרקע, י. ל. פּרץ פון ווילאַ לינטש, אידישע פאָלקס שול פון לאַ פּלאַטאַ, שלום עליכם פון ראָזאַריאָ, מענדעלע מוכר ספרים פון ב. בלאַנקאַ, י. ל. פּרץ פון סאַנטאַ פע און שלום עליכם פון קאָרדאָבאַ); די גרופּע שולן פון

דער „צווישא" (די שלום עליכם שולן פון סעראנא, פון מאטאדעראס, פון אדראגע און פונטא אלטא) און די שולן פון דער „געזעלשאפט" (אויף לאוואזשע און אין אוועזשאנעדא). יעדע איינע פון די ריכטונגען האט אין דער געזעלשאפט אירע פרעפערירנדיקע קרייזן, מיט זייער באשטימטן אידייען-גאנג אדער מיט זייער נאנטקייט אין געדאנק און סענטימענטן צו דער אדער יענער גרופע. קיין איינע פון די גרופעס אדער ריכטונגען וועט נישט לאזן געמינערט ווערן א האר פון אירע צילן, וואס זי פארפאלגט אויף דעם דערציונגס געביט. עס איז אבער אין דער זעלבער צייט אזוי קלאר פאר יעדן, אז די דריי גרופעס פאראייניקט איינער אזא געזעלשאפטלעכער שטריך, וואס ברענגט זיי אויך צונויף ביי געוויסער טעטיקייט; ספעציעל ביי דער קולטור־טעטיקייט און ביי דער דערציונג.

אט דער שטריך איז די וועלטלעכקייט. זייער אלעמענס אפשטאם, ווי דער קולטור־געזעלשאפטלעכער אפשטאם פון די שיכטן באפעלקערונג, אויף וועלכע זיי שטיצן זיך, איז די סאציאליסטישע באוועגונג און טיילווייז אויך די ציוניסטישע אין זייערע פארשידענע שאטירונגען, וואס האבן ארויסגעפירט די אידישע געזעלשאפטלעכקייט פון דער שיל און זי אריינגעפירט אין דער פאליטישער ארגאניזאציע, אינעם פראפעסיאנאלן פאריין, אין דער קאאפעראטיווע, אין דער אינסטיטוציע פון קעגנזייטיקן קרעדיט און קעגנזייטיקער הילף. אט די באוועגונגען, וואס האבן געהאלפן ארגאניזירן דאס דינאמיזירטע, פון זיין פארגליווערונג ארויסגעקומענע אידישע לעבן, וואס האבן די פריער אינערטע אידישע מאסן קאמפס־פעאיק געמאכט, האבן אויך א נייעם קולטור־אינהאלט געגעבן די אידישע מאסן, דעם אידישן פאלק: די מאדערנע, וועלטלעכע אידישע קולטור אונדזערע. און זיי אויך האבן דאס חדר, די אינסטיטוציע, וואס האט דערצויגן דאס אידישע קינד פאר דער שול, פארוואנדלט אין א דערציונגס אנשטאלט, וואס גרייט דאס אידישע קינד צו פארנעמען אן ארט אין אט דער וועלטלעכער אידישער געזעלשאפט.

ווען אפילו עס וואלט נאר געגאנגען אין דעמאנסטרירן ווי ווייט די וועלטלעכע אידישע געזעלשאפטלעכקייט דא ביי אונדז אין אר־

גענטינע האָט פאַרשטאַנען און פאַרשטייט די ראָל פון דער אידישער שול אין דער צוגרייטונג פון דעם אידישן קינד ער זאָל קענען פאַרנעמען זיין אָרט אין דער מאָדערנער וועלטלעכער אידישער געזעלשאַפט, און מיר וואָלטן בלויז אינזינען געהאַט מיט דער אייניקונג צו סטימולירן דעם ווייטערדיקן בוי פון וועלטלעכע אידישע שולן, וואָלט שוין דעריבער די אייניקייט געהאַט איר באַרעכטיקונג. דאָס אַליין וואָלט געווען גענוג מאָטיוו פאַר דעם וועלטלעכן אידישן שולוועזן צו ווייזן זיך געאייניקט אין אָט דעם ציל און אויף דעם וועג. בפרט, אַז די געמיינזאַמע באַדינגונגען פון די וועלטלעכע שולן ביי אונדז שאַפן פאַר זיי געמיינזאַמע פּראָבלעמען, געזעלשאַפטלעכע און טעכנישע, וואָס נאָר פאַראייניקטערהייט קען מען זיי לייזן.

נאָר, ווי געזאָגט, ווילן מיר זיך דאָ אין דעם אַרטיקל נישט אַריינרייסן אינעם גבול פון די טעכנישע פּראָבלעמען און אויך די געזעלשאַפטלעכע, לאָזן מיר דאָ אויס, ווייל זיי פאָדערן אַ באַזונדער באַהאַנדלונג. דאָ גייען מיר איבער צו דאָס וואָס מיר רופן אָן געזעלשאַפטלעכער פּנים פון אונדזער וועלטלעכער שול.

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אויף דעם געמיינזאַמען אָפּשטאַם פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט דאָ פאַרפלאַנצט דאָס אידישע קולטור-לעבן און די אידישע דערציונג אין איר געשטאַלט; אַז זי איז געווען דער פּראָטעסט, די רעאַקציע קעגן דער פאַרגליווערטקייט פון דעם אידישן גייסטיקן לעבן אין אַ צייט פון געזעלשאַפטלעכן ברויז, וואָס האָט געשאַפן נייע גייסטיקע באַגריפן, נייע גייסטיקע ווערטן, אָדער האָט אָנגעקליידט די אַלטע גייסטיקע באַגריפן און ווערטן אין נייע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. און אַזאַ איז זי שוין פאַרבליבן אָט די געזעלשאַפטלעכקייט, אַ באַנייערישע, אַ שעפערישע, אַן עוואָלוציאָנירנדיקע, וואָס פאַרליידט נישט די פאַרגליווערטקייט ווייל אַ דינאַמישע, אַ קעמפערישע און דעריבער אַ פילבאַרע צו יעדער געשעעניש, וואָס ברענגט אַריין אַן ענדערונג אין דער געזעלשאַפט, אין אירע פאָרמען, אין אירע פאָדערונגען.

אַ צייט אַזאַ ווי אונדזערע, ווען מיר געפינען זיך אונטער דעם

דערשיטערנדיקן איינדרוק פון דעם אידישן אומקום אין פוילן, אויס־געראַט פון דער האַנט פון אַ פאַרברעכערישער וועלט־מאַכט; ווען עס גייט צו אַזוי בלוטיק שווער דער ווידעראויפקום פון אידישן לעבן אויף יענעם נאַציש־פאַרפעסטעטן לאַנד, פון וואַנען מיר האָבן געבראַכט אונדזער קולטור־פאַרמעג; ווען העכער צוויי הונדערט טויזנט אידן אויס־געוואַרצלטע פון זייערע היימען, וואַלגערן זיך אויף דער גאַס, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דעם דייטשן גהינום און עס איז פאַר זיי געשלאָסן געוואָרן דאָס לאַנד, וואָס קען זיי ברענגען היילונג און אויפ־ריכטונג; ווען דאָס אידישע פאָלק קעמפט פאַרצווייפלט פאַר זיין רעכט פון מלוכהשער זעלבסטבאַשטימונג אין אָט דעם לאַנד, וואו זיינע זין פון אומעטום האָבן יאָרצענדליקער אַזוי פיל ענערגיע, איניציאַטיוו און האָפענונגען אוועקגעלייגט אויף די הבטחות פון אַ ברוטאַלער אימ־פעריאַליסטישער מאַכט; ווען פאַר יעדנס אויגן וואַקסט אַלץ העכער און קרעפטיקער די פעסטונג פון פעלקער־פרייהייט און ברודערשאַפט, פון סאָציאַלן יושר און פון די אייביקע פרינציפּן פון דער גערעכטיקייט, אין דער וועלט פון צעיושעטן אימפּעריאַליזם און דערהויבט זיך ווי די טרייסט און דער שוץ פון די קליינע פעלקער און אויך פון דעם אי־דישן פאָלק... אַזאַ צייט מוז זיך אָפּשטעמפּלען אויף דעם פּנים פון יעדער געזעלשאַפטלעכקייט און אוודאי שוין אויף דעם פּנים פון אונ־דזערער, דער וועלטלעכער.

און אויב די אויפגאַבע פון אונדזער שול איז צוגרייטן אונדזערע קינדער צו פאַרנעמען אַן אָרט אין אונדזער געזעלשאַפט, מוז די שול האָבן אונדזער פּנים; מוזן די קינדער דערצויגן ווערן אין אונדזער דראַנג צו אידישן אויפבוי און אויפקום, צו אידישער און צו מענטש־לעכער דערלייזונג. זאָל דאָס יעדער פון די טיילן פאַרשטיין און טון אויף זיין אופן, נאָר דאָס פּנים זאָל געוויזן ווערן. וואָלטן מיר עס נישט געוויזן, וואָלט אונדזער וועלטלעכקייט געווען אַ פוסט וואָרט.

# וועלטלעכקייט און אידישקייט

וואָס אזוינס איז וועלטלעכקייט און וואָס אזוינס איז אידישקייט? מער נאָך ווי מען שרייבט, רעדט מען און מען איז זיך מתוכח איבער אָט די צוויי באַגריפן, באַזונדער נאָך ווען מען איז זיי מייחס מיט דער שול, וואו אונדזערע קינדער באַקומען זייער דערציונג. און דאָ, האָב איך אין זינען צו ריידן וועגן די צוויי באַגריפן, פון זייער דערציערישער זייט און דער עיקר, נישט אויסגעטיילט און נישט אָפּגעטיילט איינער פון דעם צווייטן, מחמת אין דער דערציערישער טעטיקייט, ווערן זיי ביידע פאַרייניקט אין איינעם אַ באַגריף, אין אַ דרך, וואָס זיין ציל איז: ד ע ר ו ו ע ל ט ל ע כ ע ר א י ד.

לאָמיר טאַקע פון דאַנען אָנהויבן, פון דעם ציל, וואָס מיר שטעלן זיך, פון דעם וועלטלעכן אידן, וואָס אונדזער שול דאַרף אַרויסגעבן. וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר? ער איז אַ מענטש, וואָס איז עמפּינדלעך צו אַלע דערשיינונגען און צו אַלע פּראָבלעמען, וואָס באַווייזן זיך אינעם אידישן לעבן, אין דער אידישער געזעלשאַפט, און ער נעמט צו זיי שטעלונג; אַ שטעלונג, וואָס איז אין הסכם מיט זיין לאַגע אַלס איד (מיר מיידן דאָ ספּעציעל אויס צו ריידן וועגן די פאַרשידענע אַנדערע אינטערעסן, וואָס באַשטימען זיין שטעלונג אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט, כאָטש זיי זיינען משפּיע אין אַ גרויסער מאָס אויך אויף זיין אידישער שטעלונג); ער איז אַ מענטש, וואָס לעבט אין דער אידישער געזעלשאַפט און איז אין איר געזעלשאַפטלעך אַקטיוו.

עמפּינדלעכקייט און אַקטיווקייט מיינט שעפערישקייט און דאָס

עמפינדן און דאָס אקטיווו זיין ביי דער לייזונג פון אקטועלע, אויפגע־קומענע אידישע פּראָבלעמען, מיינט שאפן אידישע געזעלשאפטלעכע און קולטור־ווערטן. נאָר אידישע געזעלשאפט, מעג זי אויפקומען אי־נעם פארוואָרפנסטן ווינקל פון דער וועלט, איז א זאך וואָס פאלט נישט אראָפּ פונעם הימל, זי איז פארבונדן מיט דעם אידישן לעבן — לייען אויך אידישן שאפן — פון די פריערדיקע דורות, וואָס זייער קולטור־ירושה טראָגן מיר און מיר פארגרעסערן זי, מיט אלץ נייע שאפונ־גען, פונקט ווי זי איז א פועל יוצא פון די אָרטיקע באדינגונגען אין וועלכע די גרופּע אידן לעבט און ווערט פון זיי באווירקט.

דער האַריזאָנט פון אזא אידן איז ביז גאָר א ברייטער, ער נעמט ארום דאָס אידישע לעבן און די אלגעמיינע באדינגונגען אין וועלכע דאָס האָט זיך געשאפן און שאפט זיך, אין די פארשידנסטע טיילן פון דער וועלט און זיין אויג פאלט אויף זיין אייגענעם אָרטיקן ארום, אין וועלכן ער לעבט. אויך זיין וויסן מוז דעריבער זיין ברייט; ער מוז זיין באקאנט מיט דעם לעבן און שאפן פון דורות צוריק און מיט דעם אקטועלן לעבן און קאמף פון די אידן פאר זייער רעכט און ווייטער־דיקן קיום.

**מיט וואָס טיילט זיך אויס דער וועלט־לעכער איד פון דעם נישט וועלטלעכן?**
דערמיט וואָס דער וועלטלעכער איד איז א דינאַמישער וועזן, א באַ־וועגלעכער, אלצדינגג זעט ער אין דער סטאדיע פון ווערן, פון וואקסן, פון ענדערן זיך, פון אלץ נייער שאפונג, און ער ווענדט אָן זיינע כוחות, זיין טעטיקייט כדי צו מאכן דאָס לעבן — דאָ רעדט זיך פונעם אידישן לעבן — אלץ שענער, אלץ גייסטיק רייכער, אלץ פול־קאָמענער. ער איז א מענטש, וואָס איז איבערצייגט, אז דורך די אלע ראנגלעונישן און מפּלות, וואָס די מענטשהייט ליידט, גייט זי דאָך צו נצחונות, צו א שענער און בעסער לעבן און צוזאמען מיט איר, גייט אויף דעם וועג אויך דאָס אידישע פאָלק.

דער נישט וועלטלעכער, פארקערט, איז א מענטש א סטאַטישער, א קאָנסערוואטיווער, א דאָגמאטישער. אלץ דאָס גוטע איז געווען צוליב, האַלט ער, דאַרף מען זיך דעריבער דערצו אומקערן אָדער, ווייניקסטנס,

איינהיטן וואָס מען קען, פון זיינע רעשטן. אין זיינע געשעפטן, קען זיין, איז ער גאַנץ פּראָגרעסיוו, נוצט אויס די נייעסן אין דער טעכניק אויף צו פאַרגרעסערן, פאַרפולקאָמען זיי; אויך וואָס שייך זיין פּערזענלעכער באַקוועמלעכקייט, נעמט ער אויף גערן יעדע נייע דערפינדונג; אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אָבער, אינעם גייסטיקן, דערלאָזט ער נישט קיין נייעס, דאָ מוז אָנהאַלטן דאָס אַלטע; נאַטירלעך, נישט אַזוי ווייט אַלט, אַז ער זאָל זיך אין דער אַלטקייט פילן אומבאַקוועם. דער אַנטי-וועלטלעכער איד — איך זאָג נישט דער רעליגיעזער, מחמת נישט אַלע אידן קעגנער פון וועלטלעכער דערציונג זיינען רעליגיעז — איז אַ גרויסער אָנהענגער פון קאָנסערווירן די אַלטע דערציונגס-פאָרמען און רעדט אין נאָמען פון פעסטגעשטעלטע רעליגיעזע און מאָראַלישע פּרינציפּן, וואָס דאַרפן **אַריינגעקלאַפּט** ווערן אינעם מוח פונעם קינד, כדי איינצוהאַלטן פון פאַרשווינדן אַ וועלט וואָס ער זעט שטענדיק אין דער געפאַר.

**וואָס זשע מיינט דערציען אַ וועלטלעכן איד?** דאָס מיינט דערציען דאָס אידישע קינד פון אָנהויב אָן צו אַקטיוו געזעלשאַפטלעך לעבן, צו עמפּינדן דאָס אידישע לעבן אַזוי ברייט ווי מעגלעך און פירן זיין געדאַנק דורך דעם שעפערישן אידישן לעבן אין אַלע דורות, דורך די אידישע ראַנגלענישן אינערהאַלב זייערע מאַטעריעלע און גייסטיקע אויפשטייגן און ירידות, מיט די אויגן שטענדיק געווענדט צו דעם **ליכטיקן מאָרגן**, ווייל דער גלויבן אינעם ליכטיקן מאָרגן, איז דער קוואַל, פון וואַנען דער וועלטלעכער איד שעפּט זיינע כוחות, וואָס שפּינען טאָג נאָך טאָג ניי אידיש לעבן און באַנייען טאָג נאָך טאָג זיינע קולטור־אוצרות, דעם ריוח פון זיין קאַמף, פון זיינע ראַנגלענישן, פון זיין אַקטיוויטעט.

**ווער איז דער דערציער פון דעם קינד אין דער וועלטלעכער אידישער שול?**

אוודאי דער לערער, וועט איר זאָגן, און זייער גערעכט, און איר וועט נאָך צוגעבן, אַז דער לערער דאַרף אַליין זיין אַ וועלטלעכער איד, אַ געזעלשאַפטלעך אַקטיווער און עמפּינדלעכער צו די אַלע נייע דערשיי-

גונגען אין אידישן לעבן און ער דאַרף זיך באַמיען אַרויסצוברענגען פון די לימודים, מיט וועלכע ער פירט אָן, איבערהויפּט פון אידישער געשיכטע און ליטעראַטור אַט דעם גייסט, אַט דעם קריטעריום פון אומ־אויפהערלעכן וו ע ר ן, פון איבערגיין פון איין סטאַדיע אין דער צווייטער, פון אומויפהערלעכן שאַפן, פון שטענדיקן קאַמף; ער דאַרף קענען אַרויסהויבן די מאָמענטן פון אידישער גבורה און שטעלן אין שאָטן די מאָמענטן פון רעזיגנאַציע, אונטערשטרייכן דעם אייביק לאַטענטן אידיש אָפּטימיזם, וואָס איז דער פּועל־יוצא פון דעם אידישן דינאַמיזם.

אוודאי דאַרף דאָס אַלץ קענען און טאָן דער לערער. ער איז אָבער נישט אַליין אויף דעם פעלד אין דער וועלטלעכער אידישער שול. אַרום אים, אַרום דעם לערער, וויבּרירט אָט דאָס געזעלשאַפטלעכע און קול־טור־לעבן, אין וועלכן ער אינספּירירט זיך און העלפט אויך די קינדער אין דעם זיך צו אינספּירירן. דורך אָט דעם געזעלשאַפטלעכן און קול־טור־לעבן קומט ער אין קאָנטאַקט מיט דער אַקטועלער לעבעדיקער וועלט, וואָס באַהויכט מיט איר היינטיקער שיין די אַלטע, אירע גע־שעענישן און אירע פּערזענלעכקייטן. אין אָט דער געזעלשאַפט, וואָס וויבּרירט אַרום דער שול, געפינט דער לערער נישט נאָר אינספּיראַציע, נאָר אויך דירעקטן ראַט און מיטהילף דורך אָפטע אָריענטירטע שמועסן.

די געזעלשאַפטלעכע און קולטור-טעטיקייט אַרום דער וועלטלע־כער אידישער שול איז די וואָס טוט די דאָזיקע דערציונגס אַרבעט אויך דעמאָלט ווען דער לערער איז אָפּוועזנד, כאָטש, ווי מיר מיי־נען, איז דער לערער אין דער וועלטלעכער אידישער שול שטענדיק אָנ־וועזנדיק, פּונקט ווי עס זיינען אין איר שטענדיק אָנוועזנדיק די תּלמידים. זיין געדאַנק איז שטענדיק אין שול און מיט זיינע תּלמי־דים. אין דער וועלטלעכער אידישער שול זיינען די לערער נישט קיין קאַלטע לעקטאָרס פון פּאַראַגליווערטע לימודים, נאָר וואַרימע דערציער פון אַ נייעם דור טאַט-קרעפטיקע אידן.

וו אָ ס  ש יי ך  א י נ ה א ל ט ? צו דער וועלטלעכער אי־דישער שול קען מען נישט שטעלן די פראַגע: וואָס פאַר אַ אינהאַלט

גיט איר אין איר אריין? יעדע „מצווה מעשית", (באשטימטע פראק־טישע גוטע טאט), ווי דאָס ווילן די אידישע אינטעגראליסטן, אָדער פּאַרטייאישע אקציעס, ווי דאָס ווילן די ציוניסטן, באשרענקען בלויז דעם ברייטן האָריזאָנט, מיט וועלכן עס דארף ארויסקומען פון א וועלטלעכער אידישער שול דאָס אידישע קינד. מען מוז אָבער אריינ־פירן שוין פון אָנהויב אין שול דעם גייסט פון דעם סאָציאלן יושר און מענטשלעכער סאָלידאַריטעט, וואָס זיי זיינען די טרייב־קראַפט אי־רע, דורך פּראַקטישע ביישפּילן. דאָס מיינט בשום אופן נישט פּאַרטיי־אישע. מען טאָר דאָס נישט פאַרגעסן אויף איין מינוט.

איז דאָס ווייניק אינהאַלט?

# נאָכשול־אַרבעט

זייער אָפט הערט מען איבער ביי אונדז, אז דער ציל פון דער אידישער שול איז אויפצוהאלטן דעם יונגן דור ביי דעם אידישן גע־זעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן. און נאָך אָפטער קומט אוים צו הערן, אז ביז איצט האָבן די אידישע שולן זייער ציל נישט דערגרייכט.

מען ווארפט ארויף די שולד פאר דעם מיסערפאָלג אויף די ארומיקע באדינגונגען, וואָס רייסן אָפ די יוגנט פון דער אידישער סביבה, אסימילירן זי שפראכלעך־קולטורעל און דעריבער אויך געזעל־שאפטלעך. דער יוגנטלעכער אינטערעסן־קרייז, דער ספּאָרט, די ציי־טונג, דאָס בוך, דער טעאטער, וואָס אינטערעסירט דעם יוגנטלעכן, דאָס אלץ ווערט באפרידיקט אין דער אלגעמיינער שפּראך פונעם לאנד און דורך די אלגעמיינע אינסטיטוציעס, מלוכהשע, געזעלשאפטלעכע אָדער פּריוואטע. אזוי, אז ווי נאָר דאָס אידישע קינד ווערט פריי פון דער אידישער שול, טרעט עס ארוים פונעם רשות פון יעדער אידי־שער קולטורעלער און געזעלשאפטלעכער ווירקונג און ווערט פארכאפּט פון אלע אנדערע שטרעמונגען, וואָס שטייען אויסער אונדזער קאָנטראָל. דאָס אלץ ווערט געזאָגט אין א טאָן פון אומבאהאָלפנקייט, ווי מיר וואָלטן געשטאַנען קעגניבער א סטיכיע, אקעגן וועלכער יעדער ווידערשטאַנד איז אָנמעכטיק.

גענוג איז אָבער נענטער צוצוקומען צום ענין, צוקוקן זיך נענטער צו די אופנים ווי די אלע באדערפענישן פון דער יוגנט ווערן באפרי־דיקט, אז מיר זאָלן אָנשטאָט דער מעכטיקער סטיכיע, וואָס האָט אונדז

אזוי אָפּהענגטיק געמאכט, דערזען נישט מער ווי א קאָנגלאָמעראַט פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען אין אויסדרוק פון דער פאַרשטענדעניש פאַר אָט די נויטן פון דער יוגנט און ווען מיר קוקן זיך נאָך נענטער צו, זעען מיר דעם קאָנטראָל, די פירנדיקע האַנט, די אָריענטירנדיקע ריכטונג פון די אָרגאַניזאַטאָרס.

און דעמאָלט האָבן מיר קיין אַנדער ברירה נישט ווי נאָר אַרויפוואַרפן די שולד אויף אונדז גופא, אויף אונדז אידישע שול־טוער און קולטור־טוער, וואָס מיר האָבן קיין אַכט נישט געלייגט אָדער ווייניק אַכט געלייגט אויף דעם אידישן קינד, וואָס איז געווען אין אונדזער רשות, נאָכדעם ווי ער האָט אונדזערע שולן פאַרלאָזט.

פון דעם אויבנגעזאָגטן איז צו זען, אז עס גייט נישט בלויז אין אויסברייטערן דעם קרייז פון אידישן וויסן ביי די קינדער, וואָס האָבן באַזוכט די אידישע שול, וועלכע איז, צום באַדויערן, א גאַנץ שמאָלע ווען זיי פאַרלאָזן זי; א זאַך וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק ווען מיר ווילן באמת אז אונזערע קינדער זאָלן זיין אידישע קולטור־מענטשן און האָבן אינטערעס אין דעם אידישן לעבן, דעם אַלגעמיינעם און דעם אָרטיקן, נאָר באַמיען זיך אז דאָס אידישע קינד און דער יוגנטלעכער זאָל קענען אינערהאַלב אונדזער געזעלשאַפטלעכן קרייז באַקומען די קולטור־עקספּאַנסיע זיינע, די פיזישע ווי די גייסטיקע, וואָס ביי הייַנטיקן טאָג גייען זיי צוזאַמען.

קאָנקרעט, עס דאַרף זיין די אויפגאַבע פון אונדזערע שול־טוער: ערשטנס, פאַרגרעסערן דעם באַגאַזש אידישן וויסן ביי די קינדער פון נאָכשול־עלטער מיט דער הילף פון צוגאָב־קורסן, וואָס מען רופט אָוונט־קורסן; צווייטנס, אָרגאַניזירן און אונטער זייער אויפזיכט האַלטן דעם יוגנטלעכן ספּאָרט און אַנדערע עקספּאַנסיע־מיטלען; דריטנס, אויסגעפינען זייערע גייסטיקע נייגונגען: ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, טאַנץ, פּלאַסטישע קונסטן און זוכן זיי צו ריכטן אין דער געווינטשטער ריכטונג; פערטנס, איינאָרדנען פאַר דער יוגנט זומער־לאַגערן (קעמפּס) אונטער דער אויפזיכט פון לערער.

דאָס געזאָגטע, מיינט נישט, אז יעדע שול באַזונדער דאַרף דאָס

טאָן מיט אירע אייגענע כוחות און אין איר אייגענעם קרייז, נאָר דאָס קען זיין די ארבעט פון עטלעכע שולן צוזאמען.

מיר האלטן די ארבעט פאר א דרינגענדער,טאקע דערפאר וואָס, ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט, ווערט אינדערזאמתן די יוגנט נישט אי־בערגעלאָזט אויף דער סטיכייעשער דערציאונג פון דער אזוי גערופע־נער גאס און אויף דער פרייער ווירקונג פון די שטרעמונגען און ריכ־טונגען, וואָס קר״יצן זיך אין איר און אויך נישט אויף דעם פרייען אויסוואל פון די גייסטיקע נייגונגען. דעם פּלאַץ פון דעם אלעמען, אויב דאָס איז ווען געווען אינעם אבסאָלוטן זין, פארנעמט איצט אָר־גאניזאציע און סטימול און די געזעלשאפט וואָס באגרייפט דאָס נישט און לאָזט גיין די זאכן ווי זיי גייען, בלייבט הינטערשטעליק, פאר־שלונגען.

און העיווים דאָס איז דרינגענדיק פאר אונדזער געזעלשאפט, מוזן זיך אין איר געפינען די רעסורסן, די גייסטיקע און די מאַטעריעלע, דער אָרגאניזאטאָרישער ווילן ארויסצוברענגען דאָס אין דער ווירקלעכקייט.

ווען מיט דאָס נישט טאָן און בלייבן ביי אונדזער ביז איצטיקער שול פאר קינדער פון בלויז שול־עלטער, אזוי פארמשפטן מיר זיך אליין צו א סיזיפוס־ארבעט, קיינמאָל נישט צו דערגרייכן דעם ציל וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט: אויפצוהאלטן דעם יונגן דור ביי דעם אידישן געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן.

די אלע מיטלען וואָס מיר האָבן אויבן אויסגערעכנט: די אָוונט־קורסן פאר קינדער פון נאכשול־עלטער, די אויפזיכט איבער דעם יוגנט־לעכן ספּאָרט און זיין באפרידיקונג, דער סטימול פון די גייסטיקע נויגונגען ביי די אידישע קינדער און די איינאָרדענונג פון זומער־לא־גערן (קעמפּס) פאר דער אידישער יוגנט, זיינען ניט קיין נייע דער־פינדונגען. אויף א געוויסן אופן ווערט דאָס אלץ פראקטיצירט אָדער עס זיינען שוין געמאכט געוואָרן געוויסע איניציאטיוון אין דער ריכ־טונג זיי דורכצופירן. עס פעלט אָבער די אלע איניציאטיוון די צ י ל־ב א וו א ו ס ט ז י נ י ק י י ט, דער אלגעמיינער געדאנק, וואָס זאָל זיי באלעבן, וואָס זאָל זיי ריכטן און קאָנצענטרירן; זיי ארויספירן פון דעם ספּאָראדישן כאראקטער, וואָס זיי טראָגן.

יעדער איינער פון די אָנגעוויזענע מיטלען האָט אַן און פאר זיך זיין
ווערט, איז פאר זיך גופא נויטווענדיק. די אָוונט־קורסן, למשל זיינען
נויטווענדיק פאר קינדער וואָס האָבן ניט באוויזן דורכצומאכן א גע־
העריקן קורס פון אידישער געשיכטע און ליטעראטור־קענטעניש. און
דאָס, מיינען מיר, געשעט מיט די מערסטע קינדער וואָס באזוכן די
אידישע שול. באזונדערס ווען די דאָזיקע לימודים זיינען אין דער
לעצטער צייט באשרענקט געוואָרן פון דעם מלוכהשן דערציאונגס־
ראט. זעלטן אז אידישע קינדער קומען ארויס פון דער שול מיט גע־
שיכטע־קענטעניש ווייטער פון דער ביבלישער עפּאָכע און אויך דאָס
וואָס זיי לערנען אין שול פון געשיכטע, מוז זיין צוגעפּאסט צו זייער
עלטער, וואָס באנעמט נאָך נישט קיין געשיכטלעכע פּראָצעסן און
בלייבט ביי זיי אין מוח ווי פּאסירונגען אָן א המשך צווישן זיך און אָן
א שייכות מיט דעם געשיכטלעכן ארום פון דער עפּאָכע.

מיט אידישער ליטעראטור קומט פאָר דאָס אייגענע. קינדער באַ־
קענען זיך אין שול מיט מוסטערן פון די אידישע קלאסיקער, מיט זייי־
ערע ביאָגראפיעס. צוליב דידאקטישע צילן דעקלאמירן זיי און לייע־
נען קינדער־ליטעראטור אויך פון די נייע, פון די היינט־צייטיקע,
נאָר מיט דער אידישער ליטעראטור אלס אויסדרוק פון אָרט און צייט,
אלס המשך פון אידישן שאפן אין פארשידענע לענדער, זיינען זיי נישט
באקענט און קענען נישט זיין באקענט אין דער קורצער צייט פון דעם
שול־באזוך. די נאָכשול מוז דערגאַנצן זייערע קענטענישן און שאפן
ביי זיי די געהעריקע באַגריפן וועגן די דאָזיקע הויפּט־לימודים פון
דער אידישער שול.

וועגן דעם ווערט פון ספּאָרט פאר דער אידישער יוגנט און פון
געזונטער עקספּאנסיע בכלל, זיינען קיין צוויי מיינונגען נישטאָ. מען
האָט שוין אַ סך געשריבן דערפון. די אידישע היים, די פּראָלעטארישע,
די היים־ארבעטערישע, די קליינהענדלערישע, איז נישט אזא וואָס
דערציט די קינדער צו פיזיש־געזונטן לעבן און אָט די דערציאונג מוז
אויף זיך נעמען די שול, באזונדערס די נאכשול־אָרגאַניזאציע.

וואָס שייך דעם סטימול פון די גייסטיקע נייגונגען ביי די אידי־
שע קינדער, האָבן מיר אפילו שוין א איניציאטיוו פון דעם „איפּט",

וועלכער איז דערצו געקומען א דאנק דער טרויעריקער ווירקלעכקייט פון דעם מאנגל אין נייע כוחות, וואָס זאָלן ווייטער ציען דעם פאָדים פון זיין ביז גאָר וויכטיקער קולטור־ארבעט. טעאטער, וואָס איז כולל אין זיך אלע קונסטן, נייטיקט זיך אין טאלאנטן און די טאלאנטן מוז מען דערציען. בעת די פייערלעכע אקטן פון סוף שול־יאָר, אָדער ביי אנדערע שול־יום־טובים, ווען עס טרעטן אויף קינדער מיט דעקלא־מאציעס און געזאנג, אָדער אין קורצע סצענקעס, צוגעגרייטע פון די לערער, האָבן מיר אָפט די מעגלעכקייט צו באָאבאכטן די באזונדערע נייגונגען פון די קינדער און זייערע פעאיקייטן, מוזיקאלישע, סצע־נישע, כאָרעאָגראפישע. אין די קינדערשע העפטן טרעפט מען זיך אָן מיט קאָמפּאָזיציעס, וואָס ווייזן ארויס נייגונגען צו ליטעראטור, צו קריטישע אויפאסונגען. און עס איז גאנץ פארשטענדלעך, אז אויב די אלע נייגונגען ווערן ווייטער נישט קולטיווירט, אויב די איבונג פון די קינדער און די דערמאָנטע גייסטיקע באשעפטיקונגען הערט אויף צוזאמען מיט זייער פארלאָזן די שול, גייען פארלוירן זייערע גייסטי־קע נייגונגען פאר דער אידישער קולטור, פאר דער אידישער גייסטי־קער אנטוויקלונג.

צום סוף קומען די זומער־לאגערן, די „קעמפּס״ פאר דער אידי־שער יוגנט. די זומער־לאגערן בכלל זיינען פאר די הויפּטשטאָטישע קינדער א נייטווענדיקייט פאר זייער פיזישער אנטוויקלונג. אינעם שול־עלטער געניסן די קינדער, באזונדערס די אָרימערע און שוואכערע, פון די מלוכהשע זומער־לאגערן אין די ווייטערע געגנטן פונעם לאנד אָדער אין די ארומיקע פארקן. קיין דיסקרימינאציעס קעגן אידישע קינדער זיינען ביז איצט נישט געמאכט געוואָרן. אָבער מיט דער קא־טוליזירונג פון די עלעמענטארע שולן, וואָס איז שוין געוואָרן א פאקט און דורך א דעקרעט אָפיציעל איינגעפירט, ענדערט זיך די לאגע פון די אידישע קינדער, ווי פון אנדערש גלויביקע און קאָנפע־סיאָנסלאָזע עלטערן. אויב אין די שולן, קען מען נאָך ריידן וועגן דער זייער צווייפלהאפטער פארלייכטערונג פאר די אידישע קינדער אין דער פאָרעם פון די לעקציעס פון קריסטלעכער מאָראל אָנשטאָט קריסט־לעכן קאטעכיזים און קריסטלעכער פראקטיק, פארשווינדט אָט די „פאר־

לייכטערונג" איינגאנצן אין דער סביבה פון דעם לאגער, וואס איז א דורכויס דיסציפלינירטער צוזאמענלעבן, אין דעם פאל — א קאטוי־ליזירטער. פאר אידישע עלטערן, ווי פאר אנדערש גלויביקע און קאנ־פעסיאנסלאזע, אנטשטייט דערמיט א שארף פראבלעם, אויב זיי ווילן, אז זייערע קינדער, באזונדערס די פיזיש שוואכע — און אין דער הויפטשטאט איז די צאל זייער א גאר גרויסע, — זאלן געניסן די פאר וואקאציע־חדשים פון דער קרעפטנדיקער לופט און זון.

נאך שארפער איז די באדערפעניש אין לופט און זון בעת די וואַ־קאציע־חדשים פאר די נאכשול־קינדער, וואס מאכן דעמאלט דורך זייער פעריאד פון וואקסן פיזיש און גייסטיק. פאר זיי זארגט זיך נישט די מלוכה און די זארג וואס איז יא פאראן פאר די קינדער פון דעם נאכשול־עלטער, איז דורכויס א געזעלשאפטלעכע. און דא זעען מיר בולט ווי יעדער ארגאניזאציע וואס זארגט פאר דער באפרידיקונג פון את דער באדערפעניש פון דער פריער יוגנט, באמיט זיך, אז די זומער־חדשים זאלן די יוגנט דיסציפלינירן אין דעם גייסט וואס איז איר, דער ארגאניזאציע, אייגן. א געזעלשאפט, וואס האט איר אייגענע קולטור־פיזיאנאמיע, טאר דעריבער נישט פארנאכלעסיקן את דעם געביט פון דערציאונג און דיסציפלינירונג פון אירע יוגנטלעכע אין דעם עלטער פון זייער זעלבסטשטענדיקייט און געזעלשאפטלעכ־קייט. ווארום מער ווי אלץ איז דער „קעמפ" פאר די יוגנטלעכע אן אנפאנג־שול פאר געזעלשאפטלעכער דערציאונג.

ווי געזאגט, האט יעדער צווייג באזונדער פון דער נאכשול־דער־ציאונג זיין אייגענעם ווערט, אפגעזען איינער פונעם צווייטן. אחוץ דעם, ברענגט אריין יעדער איינער פון די צווייגן זיין חלק אין דעם אלגעמיינעם סכום דערציאונג פון דער יוגנט און איר צוגרייטונג צו פארנעמען אן ארט אין דער קולטור־סביבה, וואו זיי וואקסן און אנט־וויקלען זיך. כדי, אבער, דער אידישער יוגנטלעכער זאל אויף אלע גע־ביטן פון דעם קולטור־לעבן זיין צוזאמענגעוואקסן מיט זיין סביבה, מוז אין זיין סביבה צוזאמענגעבראכט ווערן דאס אלץ וואס באפרי־דיקט זיין גייסטיקן אומרו. און טאן דארף דאס די שול, די שול־ארגאַ־

ניזאציע, וואָס האָט אויף זיך גענומען די ראָל פון א דערציערן און די אויפגאבע צו האלטן די יוגנט אָנגעבונדן צו דער קולטור־סביבה און דער געזעלשאפטלעכקייט פון די עלטערן.

ביי אונדז רעדט מען זייער א סך וועגן אידיש־נאציאָנאַלער דערציאונג. און וואָס טוט מען דען נישט כדי אין דעם אידישן קינד און יוגנטלעכן „איינצופלאַנצן" נאַציאָנאַלע אידישקייט? מען האָדעוועט אים מיט אידיש־נאציאָנאַלע אידעאַלן, מיט אידישע פראָבלעמען אפּילו. די דערפארונג אָבער האָט באַוויזן, אז מיט די אַלע אידישע אידעאַלן און פראָבלעמען צעלויפן זיך די אידישע יוגנטלעכע נאָך דער שול צו געזעלשאפטלעכע ארבעטן וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט מיט דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט אָדער זיי גייען גאָר אוועק צו אומ־געזעלשאפטלעכקייט. און דאָס איז געקומען דערפון וואָס באלד נאָך די שול־יאָרן האָט די אידישע געזעלשאפטלעכקייט אין דער געשטאלט פון אירע שול־אָרגאַניזאציעס, זיי אָפּגעלאָזט פונעם אויג און נישט געזאָרגט פאר זייער נאָכשול־דערציאונג, וועלכע איז, אין אלע אירע פאזן אן התחלה פון זייער מ י ט א ר ב ע ט אין דער געזעלשאפטלעכקייט פון זייערע עלטערן, וואָס דאָס מיינט אויך אין דעם קרייז פון דעם אידיש נאציאָנאַלן לעבן און א גאראנטיע אז זיי וועלן פון דער געזעלשאפטלעכקייט נישט אוועק.



# די אידיש־אַרגענטינער יוגנט זוכט דעם וועג צו דער אידישער קולטור

די גרעסטע אָפּטימיסטן פון צווישן אונדזערע קולטור טוער האָבן זיך שוין געהאַט מיאש געווען פון צו זען די אידישע יוגנט, די וואָס איז אין אַרגענטינע געבוירן און האָט זיך דאָ דערצויגן, אַלס די יור־שים פון דער אידישער קולטור, פון דער קולטור וואָס ווערט געשאַפן פון און פאַר די אידישע מאַסן, וואָס אידיש איז זייער מוטער־שפּראַך און קולטור־שפּראַך און זיי האָבן זיך דעריבער שוין אויך געהאַט מיאש געווען, די אידישע קולטור־טוער, פון צו זען די דאָזיקע אידישע יוגנט מיטגיין מיט די אידישע מאַסן אינעם קאַמף פאַר זייערע רעכטן און פרייהייטן.

די הי געבוירענע און אַפילו בלויז פרי אַריבערגעקומענע אידישע יונגעלייט, ווייסט מען דאָך, ווען אַפילו זיי גייען דורך אַ אידישע שול, אַלציינס אַ תלמוד תורה צי אַ וועלטלעכע, מיט גאַנץ קליינע אויס־נאַמען, רייסן איבער, ווי נאָר זיי ווערן דערוואַקסן, מיט דער שפּראַך, וואָס זיי רײדן ווי זי וואָלט זיי געווען אַ פרעמדע, און מיט דעם ביסל אידיש וויסן, וואָס זיי האָבן אין שול באַקומען. און צו דערוואַרטן אַז אַזאַ יוגנט זאָל זיין די יורשטע פון דער קולטור וואָס איז דאָ פאַר־פלאַנצט געוואָרן פון די איינגעוואַנדערטע אידישע דורות, זעט אויס צו זיין אַן אומזין. אין בעסטן פאַל, פאַרלאַנגט מען פון די יונגעלייט זיי זאָלן זיך באַקענען מיט די אידישע שאַפונגען דורך די איבערזעצונגען אין שפּאַניש.

אויב עס האָט זיך געשאַפן ביי די הי געבוירענע אידישע יונגע־לייט אין זייער רייפערן עלטער אַ געוויסער אידישער אומרו, אַ סאָ־ציאַלער אָדער אַ קולטורעלער, האָבן זיי אים געשטילט, אָדער מיט די נעמען פון די אידישע באַרימטקייטן, וואָס האָבן אַקטואירט אויף די

געביטן פון וויסנשאפט, ליטעראטור און קונסט צווישן אנדערע פעל־קער אין אנדערע שפראכן און אין אנדערע דורות — וואס ווייטער אין רוים און אין צייט אלץ בעסער און ליבער — אדער מיט דעם ציוניזם — דער צוגעגגלעכסטער און באקוועמסטער צוגאנג צו אלע אידישע פראבלעמען: מיר זיינען אידן, נאר נישט פאר דא. דא דארף מען נאר טראכטן אז ס'וואלט גוט געווען ווען אידן האבן אן אייגענע מלוכה אין פאלעסטינע און עס וואלט שיין געווען דא זאל זיין א אידישער קאנסול פון ארץ ישראל, אז דעמאלט וועט נעמען א סוף צום אנטיסעמיטיזם וואס דערגייט אונדז דא די יארן. און אויך וואלט גוט געווען ווען ענגלאנד איז מקיים די באלפור־דעקלאראציע און ווען זי עפנט פאלעסטינע פאר אלע אידן, וואס מען רודפט זיי און מען שטויסט זיי ארוים פון אנדערע לענדער, און מיר דא וועלן זיין גוטע זין פון דער ארגענטינישער און אידישער „ראסע"...

נאר אזוי ווי דאס לעבן טוט זיך זיינס און די אומרועז ביי דער אידישער יוגנט וואקסן און מערן זיך אונטערן דרוק פון פארשארפטן אנטיסעמיטיזם און לאזן זיך נישט שטילן מיט ערגעץ און אמאל; עס שווימען ארויס פראגן און עס וואקסן אן פראבלעמען וואס פאדערן אן ענטפער איצט און אויפן ארט, טרעפט מען זיך דעריבער אן צווישן דער יוגנט מיט אן אמתן אידעאלאגישן דור הפלגה. יונגע לייט וואס גייען אין אלגעמיינע סאציאלע פראבלעמען צוזאמען מיט די לינקס־טע גרופירונגען אין דער ארגענטינישער פאליטיק, טרעפט מען, אין אידישע פראגן, פארטיידיקן ביי דער זייט מיט אסימילאציע, ציו־ניסטיש־רעוויזיאניסטישע מיינונגען, עס שאפט זיך א געמיש פון אנ־טי־אימפעריאליזם און ציוניזם, אנטיראסיזם און אתה בחרתנו־אידייען.

און פונקט ווי נישט אידישע סאציאליסטן, וועלכע ווילן מאני־פעסטירן זייער קעגנערשאפט צום אנטיסעמיטיזם, דערקלערן זיך אין סימפאטיע — אויס אומוויסן אדער אדאנק זייערע צופעליקע פאר־בינדונגען — צו די רעכטע גרופירונגען אינעם אידישן פאלק און אין דער אידישער קולטור, דעמאלט ווען אינערהאלב דעם אידישן לעבן גייט אן א קלאסן קאמף צווישן די רייכע און די ארעמע אידן פאר דער העגעמאניע איבער דער אידישער געזעלשאפט, נישט חושד זייענ־

דיק, אַז מיט זייערע מאַניפעסטירונגען העלפן זיי די רייכע אידן צו פאַרשטאַרקן אַט די העגעמאָניע, אַזוי באַגייען זיך אָפּט אויך די עקס־טרעם־לינקע יונגעלייט.

געוואוסט האָבן מיר, אַז די אידישע שפּראַכלעך אַסימילירטע יוגנט האָט אירע אידישע פאַריינען, וואָס לעצטנס זיינען זיי אַפילו פעדערירט צווישן זיך, ווי אין דער „פעככא" (פעדעראַציע פון דער אידישער אַרגענטינישער יוגנט) פון דער הויפּטשטאָט און אין „סי־כיר" פון ראָזאַריאָ, אַז זיי באַטייליקן זיך אינעם קאַמף קעגן דעם אַנ־טיסעמיטיזם, וואָס ווערט אָנגעפירט פון דעם קאָמיטעט קעגן דעם ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם און אַז טייל האָבן אַפילו אַמביציעס אַרויסצוגעבן איבערזעצונגען פון אידישער ליטעראַטור אין שפּאַניש. אָבער מיר האָבן גערעכנט, אַז דאָס איז בלויז אַ פּועל יוצא פון די אַנטיסעמיטישע שטימונגען מיט וועלכע די אידישע יוגנט טרעפט זיך אָן אין די מיטלשולן און אוניווערסיטעטן און אין די אַלגעמיין סטודענ־טישע פאַריינען, ווי מיט דעם נישט אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם, וואָס הערשט אין די אָפיציעלע קרייזן, צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער אינ־טעליגענץ און אַפילו אין דער קאָמערץ און אינדוסטריע, וואָס שטעלט זיך אין וועג פון זייער קאַריערע, און זי שאַפט דעריבער פאַר זיך, די אידישע יוגנט, אייגענע קלובן וואו אויסצולעבן זיך אַרגענטיניש אומ־געשטערט.

ווי איבעראַשט אָבער זיינען מיר געוואָרן ווען דער קאָמיטעט פאַר אַ אידישן קולטור־פאַרבאַנד „איקוף" האָט אין מיטן חודש פעברואַר באַקומען אַ ווענדונג אינעם נאָמען פון אַן אָרגאַניזיר קאָמיטעט פאַר אַ קאָנגרעס פון אידיש־אַרגענטינישער יוגנט, וואָס דאַרף פאָרקומען אין ראָזאַריאָ (פאָרגעקומען דעם 24טן און 25טן פעברואַר 1940) מיר זאָלן שיקן צו דעם קאָנגרעס אַ רעפערענט אויף דער טעמע „די אידיש־אַר־גענטינישע יוגנט און די אידישע קולטור". הייסט דאָס, אַז עפּעס אַזעלכעס קריסטאַליזירט זיך דאָך אין דעם דור הפלגה פון דער אי־דישער אַרגענטינישער יוגנט, אַז עס איז פאַראַן צווישן דער דאָזיקער יוגנט אַ באַגער זיך צו אָריענטירן אין דער פראַגע: וואָס זיינען מיר? און אויב מיר זיינען אידן, איז וואָס דאַרף זיין אונדזער שייכות מיט

דעם אידישן פאָלק?

נאָך מער איבעראַשונג איז פאַר אונדז געווען דער קאָנגרעס, וועל־כער איז דורכגעפירט געוואָרן אין ראָזאַריאָ אין די טעג פון 24טן און 25 פעברואַר 1940 מיט דער באַטייליקונג פון אַ גרויסער צאָל, אי־בער פערציק, יוגנט־פאַרייניקטע פאַראייניקטע אין די דערמאָנטע צוויי פע־דעראַציעס און נאָך נישט פעדערירטע, פון סאַנטאַ פע, קאָרדאָבאַ און פּאַראַנאַ, וואו די דעלעגאַטן האָבן מיט טיפער פאַרשטענדעניש אויפ־גענומען אָט די אומרואיקייטן, ווי מיר רופן דאָס אָן, פון דער אידיש־אַרגענטינישער יוגנט און געזוכט פאַר זיי אַ לייזונג אין אַ האַרמאָני־שער אַקטואַציע אַלס אידן און אַרגענטינער.

אַ חוץ דעם רעפעראַט אויף דער טעמע: „די אידישע יוגנט און די אידישע קולטור" געלייענט פון מיר אַלס דעלעגירטער פונעם איקוף, זיינען ביי דעם קאָנגרעס געלייענט געוואָרן פאָלגנדע רעפעראַטן: די ראָל פון דער אידיש־אַרגענטינישער יוגנט אויף די געביטן פון קולטור, געזעלשאַפטלעכקייט און ספּאָרט — פון ד"ר איסאַאַק בורשטיין (ב. איירעס); אידישע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע — פון ד"ר איסאַאַק אייזנבערג (סאַנטאַ פע) און קאַמף קעגן ראַסן־פּאָליטיק און אַנטיסע־מיטיזם — פון ד"ר בערנאַרדאָ סערעברינסקי (פּאַראַנאַ). און ווי מען קען משפּטן פון דעם קאָנגרעס, האָט די אידיש־אַרגענטינישע יוגנט זיך גענומען אָריענטירן אויף דער אידישער וועלטלעכער און פּראָ־גרעסיווער קולטור, צוליב דער דערנענטערונג מיט די אידישע מאַסן, מיט זייערע אַקטועלע פּראָבלעמען און מיט זייער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער דאָזיקער אָנהויב, כאָטשע ער איז אַן איבעראַשנדיקער, איז ער אָבער נישט קיין קאַפּריז פון די פירער פון דער אידיש־אַרגענטי־נישער יוגנט, נאָר אַ פּראָדוקט פון טיפן נאָכדענקען, ווי מען קען דאָס זען פון די געלייענטע רעפעראַטן, און פון אויסקריסטאַליזירונג אינעם לאַבירינט פון דער ביז איצטיקער דעזאָריענטאַציע פון דער אידיש־אַרגענטינישער יוגנט.

באַגריסן דעם אָנהויב איז ווייניק, מען דאַרף אַנטקעגנקומען דער יוגנט און איר העלפן גיין אויף דעם וועג, וואָס זי האָט פאַר זיך אָנ־געצייכנט אויף איר ערשטן קאָנגרעס אין ראָזאַריאָ.

# די אידישע יוגנט און די אידישע קולטור

## רעפעראט געלייענט ביים קאנגרעס פון דער אידישער יוגנט אין ראזאריא דעם 24טן פעברואר 1940.

דער פאקט, וואס דא אין זאל האט זיך פארזאמלט די ארגאני־זירטע אידישע יוגנט פון די גרעסטע צענטערן פון אינטענסיוון גע־זעלשאפטלעכן לעבן אין דער רעפובליק, איז א באוויז, אז די אידישע יוגנט, דער דא הי געבוירענער דור אידן, האט א ספעציעלע מיסיע אויסצופירן סיי לגבי זיך, פאר איר אייגענער פארפולקאמונג און סיי לגבי דער געזעלשאפט, אלס א י ד י ש ע יוגנט.

אינעם טאג־ארדענונג פון דעם צוזאמענקונפט רעדט זיך וועגן קולטור־ארבעט, ספארט און קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם. דאס זיינען אויפגאבן אלגעמיינע, אלגעמיין ארגענטינישע אויב איר ווילט. אלס ארגענטינער דארף יעדער פון אונדז שטרעבן אויסצובילדן, מיט זיין אייגענעם אנטייל און מיטווירקונג, אן ארגענטינישן דור א פרייען, א געזונטן, א קולטורעלן, דאס מיינט א באוואוסטזיניקן, וואס זאל קענען אויפנעמען די פראבלעמען פון דער רעפובליק דורך דער פריזמע פון דער געשיכטע און פון דער ליטעראטור און קונסט, דער אוניווערסא־לער און ארגענטינישער, און דורך דער פריזמע פון דעם פארשריט און דערפארונגען פון היינטיקער צייט, פון דעם וויסן וואס יעדער איינער פון אונדז דארף זוכן איינצוזאמלען וואס מער. אויך דעם קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם האלט איך פאר נישט קיין ספעציעל אדער ספעציפיש

אידישע אויפגאבע. וואָס ווייניקער ספּעציפיש אידיש עס וועט ווערן אַט דער קאַמף, וואָס מער עס וועט באַטראַכט ווערן אַלס אויפגאַבע פון דער אַרגענטינישער יוגנט און פון דער אַרגענטינישער געזעלשאַפט בכלל צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם, אַלס געזעלשאַפטלעכע קראַנ-קייט, אַלס קערבס אינעם אַרגענטינישן לעבן, אַלץ נענטער וועלן מיר זיין צום ציל, צו דער אָפּשאַפונג פון אַט דער קראַנקייט.

איך וויל צוטראָגן צום היינטיקן צוזאַמענקום פון דער אידיש-אַרגענטינישער יוגנט נאָך איין אויפגאַבע, וואָס זאָל אין אייער קול-טור־לעבן און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַרנעמען אַן אָנגעזען אָרט. איך מיין דאָ די זעלבסטדערקענטעניש פון דער אידישער אַרגענטיני-שער יוגנט. דעם באַגריף זעלבסטדערקענטעניש באַנוץ איך דאָ נישט אין דעם ענג-אינדיווידועלן אָדער ברייט פילאָזאָפישן זין, נישט אין דעם עטישן, נאָר אין דעם סאָציאַלן און קולטור געשיכטלעכן, אין די ראַמען פון דער געשיכטלעכער אַטמאָספער, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַט די דערשיינונג, אַט דער פאַקט, וואָס האָט אונדז אַהער צוזאַמענגעבראַכט: די עקזיסטענץ פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער יוגנט אין אַרגענטינע מיט אירע פּראָ-בלעמען. אונדזער געשיכטלעכע אַטמאָספער, איז דאָס אידישע זיין און די דערקענטעניש וואָס פליסט פון איר אַרויס, איז דאָס אידישע באַוואוסטזיין. געדענקען מיר וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז באַ-וואוסטזיין מיינט קולטור, די קאַפּאַציטעט אויפצונעמען פּראָבלעמען דורך דער פּריזמע פון דער געשיכטע, פון ליטעראַטור און קונסט, ווי פון דעם פאַרשריט און דערפאַרונגען פון היינטיקער צייט, פון דעם וויסן, וואָס יעדער פון אונדז דאַרף זוכן אָנצוזאַמלען וואָס מער, איז שוין קלאָר, אַז מיט אידיש באַוואוסטזיין, מיין איך אידישע קולטור, אינטערעס צו דער אידישער געשיכטע, צו דער אידישער ליטעראַטור און קונסט, צו דער אידישער שפּראַך, געזאַנג, פאָלקלאָר; קורץ, אינ-טערעס צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט און צו די פּערספּעקטיוון פון דער אידישער צוקונפט, וואָס דרינגען אַרויס פון אונדזערע דערפאַרונגען.

עס וועלן זיך זיבער געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן מיך אָפּפרעגן,

מיר פֿאַרוואַרפֿן, אַז איך פֿריידיק נאַציאָנאַלע טאָפּלטקייט אָדער צע־צווייטקייט, אַרגענטינישן באַוואוסטזיין באַזונדער און אידישן באַזונדער, זיי וועלן מיר זאָגן, אַז איין מענטש קען נישט זיצן אויף צוויי שטולן און קען נישט לעבן מיט צוויי קולטורן... אפשר געפֿינען זיך שוין צווישן אייך אַזעלכע וואָס ווערן געפּייניקט פֿון דער פֿראַגע: וואָס זיינען מיר אַרגענטינער אָדער אידן? און אויב אידן, איז מיט וואָס? דערמיט וואָס טייל נישט־אידן האָבן אונדז פֿיינט און אַנדערע העצן קעגן אונדז? דערמיט וואָס מיר שטאַמען אָפּ פֿון אידן, ווי אַנדערע שטאַמען אָפּ פֿון שפּאַניער און איטאַליענער?... און די פֿראַגע איז דאָך נישט קיין ערשט געבוירענע, זי האָט באַשעפֿטיקט, און באַשעפֿטיקט אויך איצט, סיי אידן און סיי נישט אידן שוין פֿון גאַנץ לאַנג אין פֿאַרשידענע לענדער...

לאָזט־זשע מיך אייך זאָגן, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי קול־טור־טאָפּלטקייט, אַז קולטור־טאָפּלטקייט אָדער פֿילפֿאַכקייט, איז אַן אַבסורד. קולטור איז אוניווערסעל, ווי אוניווערסעל עס איז וויסן און דערפֿאַרונג, מיר נעמען דערפֿון וואָס אונדז איז נויטיק און וואָס אונדז איז מעגלעך צו נעמען, וואָס אונדז אינטערעסירט מער, און וואָס מיר פּרעפֿערירן, וואָס אונדז ליגט נעענטער צו דער האַנט און צום האַרצן. מיר זיינען באַגרענעצט אויף דעם וויסן און דערפֿאַרונגען פֿון דעם דאָרף, וואו מיר וואוינען, פֿון דער שטאָט, פֿון דער פּראָווינץ, פֿון דעם לאַנד, אָדער מיר זיינען אוניווערסעלער אין אונדזער וויסן און דער־פֿאַרונגען; מיר זיינען באַקאַנט מער אָדער ווייניקער מיט דער געשיכ־טע און מיט די גייסטיקע ווערטן פֿון אונדזער לאַנד און פֿאָלק אָדער אויך מיט דער געשיכטע און מיט די גייסטיקע ווערטן פֿון אַנדערע לענדער און פֿעלקער; אונדזער אינטערעס איז באַגרענעצט אַף די לאָ־קאַלע געשעענישן אָדער אויסגעברייטערט אַף די אַלוועלטלעכע. עס איז אַ פֿראַגע פֿון האָריזאָנט און אינטריגעס.

אַ מענטש מיט צוויי קולטורן איז פּונקט דאָס אייגענע ווי מיר וואָלטן געזאָגט אַ מענטש מיט צוויי מאָגנס אָדער מיט צוויי מוחות און מיט צוויי הערצער. דאָס יאָ, פֿאַראַן זיינען מענטשן, וואָס פֿאַר־דייען נישט, וואָס קאָכן נישט איבער אין זייער באַוואוסטזיין דאָס

וואָס זייערע חושים טראָגן זיי אונטער, און דערפון נעמען זיך א סך טראגישע פאלן. צום באדויערן, איז די צאָל פון אזעלכע פאלן זייער גרויס, ביי יונגע מענטשן, ווי ביי עלטערע, ביי יונגע אפשר מער, און דערפון איז אָנגענומען געוואָרן צו ריידן וועגן דער טראגעדיע פון דער אידישער יוגנט, וועגן דער טראַגעדיע פון דעם אידישן מענטשן בכלל. די טראגעדיע צווישן מענטש און איד, דייטש און איד, ארגענטינער און איד... און עס איז אפילו פאראן אין דער אידישער ליטעראטור, באזונדערס אין דער העברעישער, א גאנצער צווייג אזא, וואו עס ווערט געשילדערט און אפילו קולטיווירט די דאָזיקע צעריסנקייט, די דאָזיקע טראגעדיע, ווי א באזונדער גאָב פון דער אידישער נשמה... פאראן מענטשן, וואָס נעמען זיך דאָס טראגישע און די שוואכקייט פאר א לעבנס ציל...

וואָס שייך די לייזונגען וואָס מען האָט געגעבן דער פראגע פון אידישער קולטור, דאָס הייסט, דער אויפמערקזאמקייט צו די אינטערעסן און צום לעבן פון אידישן פאָלק, פון די אידישע מאסן, צו זייערע פראָבלעמען, סיי מצד אידן גופא סיי נישט אידן, זיינען זיי שטאַרק פארבונדן מיט דער צייט און מיט דעם אָרט און וואו זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן צום לייזן. אזוי למשל, איז צוזאמען מיט דער אידישער גלייכבארעכטיקונג אין פראנקרייך נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע און מיט דער אידישער גלייכבארעכטיקונג אין דייטשלאנד אינעם 48טן יאָר, אין עסטרייך אין די 70ער יאָרן פונעם פארגאַנגענעם יאָרהונדערט, אנטשטאַנען די אסימילאציע-באוועגונג, וואָס איז אריינגעדרונגען אומעטום, וואו עס איז אריינגעדרונגען דער ליבעראַליזם, דער גייסט פון מענטשן-רעכט, אלס פאָליטיש געווער פון דער בורזשואזיע, פון דעם אינדוסטריעלן קלאס, קעגן דער פעאָדאלער און אבסאָלוטיסטישער הערשאפט מיט זייער שקלאפעריי און רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט נישט דערלאָזן צו דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון דעם באנק-וועזן. די ערשטע זיך צו אסימילירן זיינען טאקע געווען די רייכע אידן, די גרויסע געשעפטסלייט, באנקירן, פאַבריקאנטן... דאָס געשעפט האָט געפאָדערט צו זיין מיט לייטן גלייך, זיך נישט אונטערצושיידן פון אנדערע. דערנאָך זיינען געגאנגען די

האנדלם אגענטן, די האנדלס אַנגעשטעלטע; טייל האָבן דאָס געמאַכט אויבנאויפיק, בלויז אין דער שפּראַך און קליידונג, טייל אביסל טיפער, טייל האָבן איבערגעלאָזט פאַר זיך א געווים אידיש ווינקעלע, די רע־ליגיע, אַן אָרטאָדאָקסיש טראַדיציאָנעלע אָדער א רעפאָרמירטע א צו־געפּאַסטע... צו „כל נדרי" גיין אָדער אפּלאָדירן אכראָנס „אידישע מעלאָדיע"... ביי דער אידישער בורזשואזיע זיינען מער ניט געווען קיין אידישע פּראָבלעמען און אוים אידישע פּראָבלעמען, איז אוים אידישע קולטור.

וואָס ווייניקער ווירקונג אין א לאַנד האָבן געהאַט די אינדוסט־ריעלער און זייער פּאָליטיש געווער, דער ליבעראַליזם, וואָס טיפער א לאַנד האָט געזונקען אונטער דער פעאָדאַלער און אבסאָלוטיסטי־שער הערשאַפט, אלץ ווייניקער פּלאַץ האָט דאָרט געהאַט די אסימי־לאַציע־באַוועגונג צווישן די אידן. און רייסט זיך אריין אין א היינט־צייטיקן אינדוסטריעלן לאַנד א שטראָם פון מיטלאַלטער, ווי עס טרעפט בכלל אין דער געשיכטע, אַז שטראָמען פון פאַרגאַנגענע עפּאָ־כעס רייסן זיך אריין אין די נייע, ווישט ער דאָרט אָפּ די אסימילאַציע צוזאַמען מיט דעם ליבעראַליזם און ער ברענגט צוריק די אַלטע לייזונ־גען דורך אויסראָטונגען, אינקוויזיציעס, גירושים, ווי דאָס געשעט איצט אין דעם פאַרפינצטערטן נאַצי־דייטשלאַנד און אין די אַנדערע לענדער, וואו דער שטראָם מיטלאַלטער אָדער צעזאַריזם האָט זיך אריינגעריסן מיט מער אָדער ווייניקער קראַפט, און ווי דאָס איז אויסן די פעאָדאַ־ליסטישע רעאַקציע אויך ביי אונדז אין ארגענטינע.

איין רעאַקציע רופט ארויס קעגן זיך א צווייטע. אין די פעאָדאַ־ליסטישע לענדער, וואו די פּרוּאוון פון דעם ליבעראַליזם און באַזונדערס פון דעם סאָציאַליזם, וואָס איז כמעט אין איין צייט מיט אים אָנגעבוירן, האָבן ארויסגערופן קעגן זיך דעם אָנגריף פון דער מאַכט, וועלכע האָט גענומען נאָך מער באַרויבן אים פון זיינע רעכטן, באַזונדערס די אידן, וואָס האָבן אין די לענדער זיך פאַרנומען מיט פאַרמיטלעריי, מיט קליי־נעם האַנדל און קליינער מלאכה, און האָט אַלס געווער קעגן דעם ליבע־ראַליזם און דער טאָלעראַנץ, געוועקט און פאַרשאַרפט דעם נאַציאָנאַ־נאַליזם, דעם שאָוועניזם, געהעצט מיט שנאה איינע אויף די אַנדערע

פעלקער, איבער וועלכע זיי האָבן געהערשט ווי דאָס איז געווען אין דעם צארישן רוסלאַנד, וואָס איז באַקאַנט מיט די פּאָגראָמען, מיט די בלוט בילבולים, מיט די געטאָס אָדער רעזערוואַטן, ווי מען רופט עס היינט, האָט די אידישע באַפעלקערונג אַלס רעאַקציע נאָך מער זיך פאַרשאַנצט אין איר טראַדיציאָנעלן לעבנסשטייגער און אין אידישן נאַציאָנאַליזם. דער אידישער נאַציאָנאַליזם האָט באַקומען פאַרשידענע געשטאַלטן באַזונדערס משיחישע, רעזיגנירט און פּאַסיוו משיחישע ווי דער חסידיזם אָדער אַקטיוו משיחישע, ווי די שבתאי צבי באַוועגונג, דער פראַנקיזם, וואָס דער חסידיזם האָט פאַרנומען זייער אָרט און דער מאָדערנער משיחיזם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אָנהויב די אַכציקער יאָרן אין דער צייט פון די רוסישע פּאָגראָמען, דער ציוניזם, אונטערן לאָזונג: בית יעקב לכו ונלכו, קומט, אידן, אוועק פון דאַנען וואו מען איז אונדז נישט גערן, לאָמיר זיך אַריבערקלייבן קיין ארץ-ישראל, אינעם לאַנד פון אונזער פאַרגאַנגענהייט, צוריק לעבן דאָס אַלטע עכטע אידישע לעבן אויף די פעלדער פון יהודה און אין דער עכט-אידישער שפּראַך, דער העברעאישער: די באַוועגונג וואָס איז איצט פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, וואו אידן וואוינען, און איז אייך אויך באַקאַנט.

אין דער זעלבער צייט, איז אינעם צארישן רוסלאַנד אָנגעגאַנגען א צווייטע אידישע באַוועגונג. פּאַראַלעל מיט דעם גראַד אַריינגעדרונגענעם ליבעראַליזם, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אפילו אין די רעגירונגס-ספערן, האָט צווישן די אידן אַריינגעדרונגען פון דייטשלאַנד די אַזוי גערופענע השכלה-באַוועגונג. א קולטור-באַוועגונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשפּרייטן צווישן די אידן אויפקלערונג, וויסנשאַפט און רעפאָרמירן זייער לעבנסשטייגער. די ערשטע משכילים, ווי מען רופט אָן יענע אויפקלערער און רעפאָרמער, גבירישע יונגעלייט, לערער אין רייכע שטיבער, אינספּירירט אין דער אַסימילאַציע-באַוועגונג צווישן די רייכע אידן אין די מערב-לענדער, האָבן זיך אויך ווי יענע, ס'ערשטע געכאַפּט צו דער רעפאָרם פון דער קליידונג און דער שפּראַך; זיי האָבן אָנגעטאָן קורצע אייראָפּעאישע מלבושים און גענומען ריידן און שרייבן אין דער אָפיציעלער שפּראַך פונעם לאַנד, ר ו ס י ש, אין דייטש, די שפּראַך פון די דייטשע אויפקלערער און העברעיש, די שיינע, די

הימלישע שפּראַך פון דער ביבל. אידיש פאַרקערט, די שפּראַך פון די אידישע מאַסן, מיט וועלכער זיי וואָלטן געקאָנט קומען צו די מאַסן און זיי בילדן און אויפקלערן, האָבן יענע אַריסטאָקראַטן פאַרוואָרפן, געקוקט אויף איר ווי אויף אַ נידעריקער און אומווירדיקער שאַפונג פונעם פעבל, אַ זשאַרגאָן, די שפּראַך פון די באַלעגאַלעס, שוסטער, שניידער און דינסטמוידן, פון קיך און פון מאַרק, וואָס פּאַסט נישט פאַר די געבילדעטע גענאָנקען... פון דער אייראָפּעאישער קולטור...

די השכלה, ווי געזאָגט, האָט געהאַט נאָך אַ צווייטע אויפגאַבע: רעפאָרמירן דעם אידישן לעבנס-שטייגער. און דאָס האָבן זיי געוואָלט אויפטאָן דורך אויפקלערן די צאַרישע רעגירונג, אַז די אידן קענען ווערן נוצלעכערע אונטערטאַנען, ווען די רעגירונג זאָל זיי געבן ערד צום באַאַרבעטן און עפענען פאַר זיי שולן פאַר בילדונג און פאַכקענטעניש. עפעס דערפון איז געלונגען אויפצוטאָן אונטער דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, אין די פערציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, אָבער ערשט מיט דעם אויפקום פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין רוסלאַנד, מיט דער רוסישער באַוועגונג פון „גיין אין פאָלק" און מיט דער רוסישער פּאָפּוליסטישער און קריטישער ליטעראַטור, וואָס איז געקומען פאַר און נאָך דער אָפּשאַפונג פונעם לייב־אייגנטום, האָט די אויפקלערונג געפונען דעם וועג צו די אידישע מאַסן; דער וועג פון דער אידישער שפּראַך און פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק.

דעמאָלט ווערט געבוירן די מאָדערנע אידישע קולטור, די אידישע ליטעראַטור מיט אירע קלאַסיקער מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם און פּרץ אין דער שפּיץ. דאָס איז אַן עכטע פאָלקס-ליטעראַטור, אַ קעמפערישע, כאָטש נישט ווייניקער קינסטלעריש, אַזוי אַז ביי הייניקן טאָג שטעלט זי מיט זיך פאָר אַ מאָנומענט פון דעם אידישן לעבנס־שטייגער אין יענער צייט. פּאַראַלעל מיט דעם וואוקס פון סאָציאַליזם אין דער צאַרישער אימפּעריע, וואַקסט דער סאָציאַליזם און רעכטלעכער באַוואוסטזיין פון די אידישע מאַסן; פּאַראַלעל מיט דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדל, שטייגט די פּראָפּאָרץ פון די אידישע פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען, נישט געקוקט אויף אַלע

שטערונגען און אויסנעם־געזעצן קעגן די אידן, עס גייט א וואנדערונג פון די שטעטלעך אין די גרעסערע שטעט און קיין אמעריקע. ער אנט־שטייען אידישע ארבעטער אָרגאניזאציס, אידישע סאָציאליסטישע פארטייען... אפילו דער ציוניזם, וואָס זיין גרונט געדאנק איז געווען געווענדעט צו דער גרינדונג פון א אידישער מלוכה אין פאלעסטינע, ווערט טיילוויז ארייגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, עס ווערן געשאפן סיגטעז־פארטייען, ציוניסטיש־סאָציאליסטישע, וואָס זעען פון איין זייט אין דער אידישער אויסוואנדערונג אונטערן דרוק פון די פאָגראָמען און דער דעקלאסירונג פון די שטעטלשע אידן, א פאקטאָר פאר דער אויסבילדונג פון א אידיש מלוכה־לעבן אין פא־לעסטינע אָדער ערגעץ אויף א פוסטער טעריטאָריע אין אפריקע, אמע־ריקע און פון דער אַנדער זייט פירן זיי דעם אָרטיקן קאמף פון די אידי־שע מאסן קעגן דער צארישער הערשאפט, קעגן דער עקספלואטאציע פון די אידישע באלעבאטים און זייער הערשאפט איבער דעם אידישן לעבן.

די וואנדערונג האָט קיין אידיש מלוכה־לעבן נישט געשאפן, זי האָט אָבער געשאפן נייע אידישע ישובים, דער עיקר אין אמעריקע, ארגענטינע אריינגערעכנט, וואָס זייער הויפט־באזע איז געווען די ארבעט, אין די שניידער פאבריקן פון די פאר. שטאטן, אויף די פעל־דער פון ארגענטינע און קאנאדע מיט דער הילף פון דער בעראָן הירש אונטערנעמונג, אין די בוענאָס־איירעסער „טאזשערן", ווי אין די ניו־יאָרקער „שאפס" פון קליידונג און מעבל, פון וועבעריי און טריקאָ־טאזש, אויף די רושטאָוואניעס אלס מוליארעס און מאלאריארעס און שפעטער אלס אָנגעשטעלטע, אלס פארקויפער, אלס בוכפירער, אין י האנדלס־הייזער און בענק...

אָט דער וואוקס פון דער אידישער ארבעט אויף די ערטער פון דער אלטער אידישער איינגעזעסנקייט און אויף די ערטער פון דער אידישער איינוואנדערונג, איר אָרגאניזירונג און איר קאמף, האָט ארויסגערופן צום לעבן די פארצווייגטע אידישע קולטור, ריכטיקער, קולטור־לעבן, אין וועלכן די אידישע שפראך, די שפראך פון די אי־דישע מאסן, איז געוואָרן אזא קולטור פאקטאָר, וואָס מען האָט זיך

קיום געקענט פאַרשטעלן אין אָנהויב פון דער אויפקלערונגס־באַוועגונג. זי איז איצט די שפראַך פון א רייכער קינסטלערישער פובליציסטישער און פאָרשונגס ליטעראַטור, פון טעאַטער, פון א צייטונגס־וועזן, פון א שול־וועזן, פון א געזעלשאפטלעך און קולטור לעבן, וואָס איז אוניווערסעל פאַרצווייגט. ה. לייוויק און אנדערע אידישע דיכטער רופן אָן אָט די פאַרצווייגטע אידישע קולטור רייכקייט „אידישלאַנד”, א שפּראַך־מלוכה, הייסט עס, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך געווען, אז אין יענעם לאַנד, וואו דאָס רעכט פון די פעלקער איז א מלוכה־פּרינציפּ, זאָל די קולטור פון די אידישע מאַסן אין זייער שפּראַך ווערן א מלוכה־זאָרג גלייך מיט דער קולטור פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין די אנדערע שפּראַכן, וואָס ווערן דאָרט גערעדט און די קולטור בליט דאָרט און וואַקסט ווי אין קיין שום אנדער לאַנד. און עס איז דעריבער אויך נאַטירלעך, אז ווען מען פּרוּווט ערגעץ אין א לאַנד צו אונטערדריקן אונדזער רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען, זאָלן מיר דאָס באַטראַכטן אַלס אן אַטענטאַט אויף דער קולטור פון די אידישע מאַסן.

צוליב דער אנערקענונג פון דער אידישער שפּראַך און זי פּראָקלאַמירן אַלס די שפּראַך פונעם אידישן פאָלק זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די אידישע שרייבער און קולטור־טוער אין 1908 קיין טשערנאָוויץ און צוליב דער באַפעסטיקונג און פאַרטיידיקונג פון דער אידישער קולטור, איז זיך צוזאַמענגעקומען סעפּטעמבער 1937 דער אידישער קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז, וואו עס זיינען פאַרטראָטן געווען דריי און צוואַנציק לענדער, דאָס הייסט, דאָס אָרגאַניזירטע אידישע קולטור־לעבן אין אָט די לענדער, און אַרגענטינע צווישן זיי. דער וואָס רעדט צו אייך האָט געהאַט דעם כבוד צו פאַרטרעטן דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם אָרגאַניזירטן אידישן קולטור־לעבן ביי אונדז אין לאַנד אויף אָט דעם קאָנגרעס, וואו עס האָט זיך געגרינדעט דער אַל־וועלטלעכער אידישער קולטור־פאַרבאַנד. די מלחמה האָט די טעטיקייט פון דעם פאַרבאַנד איבערגעריסן, אָבער נישט די אָרגאַניזירטע קול־

טור־טעטיקייט אין יעדן לאנד באזונדער. זאל זיך די מלחמה פאר־ענדיקן און ווידער וועט דער פארבאנד, אין וועלכן עס קומט זיך צו־נויף דער גרעסטער סכום קולטור־לעבן פון די אידישע מאסן, טעטיק ווערן און אים העלפן נאך מער וואקסן.

וואס שייך דער אידישער שפראך, איז זי היינט די שפראך נישט בלויז פון דער אידישער ליטעראטור, פונעם אידישן טעאטער, אידישן ליד או"וו, זי איז אויך די שפראך פון דער אידישער געזעלשאפטלעכ־קייט. עס באנוצן זיך מיט איר אפילו די פארניינער פון דער שפראך, די אנהענגער פון העברעיש אדער פון דער לאנדסשפראך אלס די אי־דישע קולטור־שפראך און זיי העלפן איר אנטוויקלונג, נישט ווילנדיק. דאס איז דער כוח פו דער רעאליטעט.

אונדזער יוגנט, די הי געבוירענע, אין איר גרעסטן טייל, קומט נישט אין קאנטאקט, ביז איר רייפן עלטער, ביז איר רייפקייט צו גע־זעלשאפטלעכער טעטיקייט, מיט אט דער פריער געשילדערטער אט־מאספער פון דער אידישער קולטור און דער אידישער שפראך; די אנפאנג שול, די מיטל שול און דער אוניווערזיטעט, די קאריערע בכלל, די אלגעמיינע אינטערעסן פונעם לאנד ציען אריין דעם יוגנטלעכן איד אין דעם אטמאספער פון דער לאנד־שפראך. ווערט אבער דער אידי־שער יונגערמאן געזעלשאפטלעך רייפער און ער געפינט זי צווישן אידן, מוז ער זיך אנטרעפן אויף דער אטמאספער פון דער אידישער שפראך, וואס אין איר קומט צום אויסדרוק דער קאמף פון די אידישע מאסן, פונעם אידישן פאלק בכלל פאר זיין רעכט, פאר זיין פרייהייט, פאר זיין צוקונפט דא ווי איבער דער גאנצער וועלט און אויף דער רייכער קולטור וואס אט דער קאמף האט באשאפן און ערט נישט אויף צו שאפן.

איר האט דא געזען פארבייגיין די הויפט־קריטעריומס בענגייע דעם גייסטיקן אידישן לעבן. איך האב בלויז נישט גערעדט וועגן דעם רעליגיעזן, וואס אפעלירט ווייניק צו דער אידישער יוגנט אין אונדזער „גאטלאזער" צייט. איר האט געזען די אסימילאציע, דאס ווילן אוועק־גיין פונעם פאלק, וועלכער איז דער קריטעריום פון דער צופרידענער אידישער בורזשואזיע און פון דעם קאריעריסט; דעם נאציאנאליס־

טיש־ציאָניסטישן, וואָס באהאלט זיך אוים אין דער פארגאַנגענהייט און אין דער נאציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט און, צום סוף, דעם קרי־טעריום פון די אידישע מאסן, וואָס זייער קאמף פאר ארבעט און רעכט, האָט באשאפן אַ רייך אידיש קולטור־לעבן.

באקענען זיך, אינטערעסירן זיך מיט דעם קולטור־לעבן און אָנ־טיילנעמען אין אים הייסט אָנטיילנעמען אינעם קאמף פון די אידישע מאסן פאר ארבעט און רעכט, א קאמף וואָס גייט האנט אין האנט, פאראלעל מיט דעם קאמף פון אַלע ארבעטנדיקע, איז א טייל פון דעם אוניווערסעלן קאמף פונקט ווי די דאָזיקע אידישע קולטור איז א טייל פון דער אוניווערסעלער קולטור.

צו אָט דעם אינטערעס און אָנטייל רוף איך אייך, ווי צום וועג פון אייער זעלבסטדערקענטעניש, ווייל דער וועג פון דער אידישער יוגנט קען נישט זיין קיין אנדערער ווי דער וועג פון די אידישע פאָלקס־מאסן, ער קען נישט זיין דער וועג וואָס פירט אוועק און זונדערט אָפּ פון זיי, פונקט אזוי קען דער וועג פון דער אידישער יוגנט אין ארגענ־טינע נישט זיין דער וואָס פירט אים אוועק און זונדערט אים אָפּ פון דעם קאמף פאר דעם גליק און וואוילזיין פונעם ארגענטינישן פאָלק בכלל. דאָס זיינען נישט קיין צוויי וועגן, נאָר איינער א הארמאָנישער.



# די אָרגאַניזירונג פון דער אידישער יוגנט אַרום „איקוף"

גענוג איז א בלעטער צו טאָן די נומערן „איקוף" זינט זיין גרינ־דונג, אויף צו זען ווי ווייט די הויפּטזאָרג פון דעם „איקוף", אלס אָרגאַניזאציע פון דעם אידישן קולטור־לעבן אין אַרגענטינע, איז געווען אריינצופירן אין אָט דעם לעבן און איבערהויפּט אין דער אידישער געזעלשאפט די אידישע יוגנט און אויך ווי ווייט אונדז איז געלונגען איינצוגלידערן אין דער „איקוף"־טעטיקייט און אין דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט די שטאַרקסטע אידישע יוגנט־אָרגאַניזאציעס פון דער הויפּטשטאָט און פון דער פּראָווינץ: „פעככא" (פעדעראציע פון די אידישע יוגנט־פאריינען אין ארגענטינע) און „סיביר", א פאריייני־קונג פון אידישע יוגנט־פאריינען אין ראָזאריאָ און אויך יוגנט־פאריינען פון סאנטא־פע, קאָרדאָבא און ענטרע־ריאָס.

אינעם איקוף-קאָנגרעס, וואָס מיר האָבן אָפּגעהאלטן אפּריל 1941, זיינען צווישן די 58 באטייליקטע קולטור־אינסטיטוציעס געווען אויך די דערמאָנטע יוגנט־אינסטיטוציעס, שוין אָפּגערעדט פון דער יוגנט וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אינעם מענדעלע־הויז, אין דער שלום עליכם־ביבליאָטעק און אנדערע. אין די קאָנגרעסן פון דער אי־דישער יוגנט, וואָס זיינען דערנאָך אָפּגעהאלטן געוואָרן אין דער הויפּט־שטאָט און אין ראָזאריאָ, האָט „איקוף" געהאט א דערצידירנדיקע ווירי־קונג אויף די רעזאָלוציעס וואָס זיי האָבן אָנגענומען אין שייכות זייערע

קולטור־ארבעטן ווי אין שייכות זייערע געזעלשאפטלעכע אויפגאבן: קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם און אידישע סאלידאריטעט-אקציעס. די רעפע־ראטן, וואס זיינען ביי יענער געלעגנהייט געלייענט געווארן דורך דעם שרייבער פו די שורות אי נאמען פון „איקוף" ווערן אויך איצט גענומען אלס באזעס פאר דער טעאריע און פראקטיק פון דער אידישער יוגנט־באוועגונג אין ארגענטינע.

אט די דערגרייכונגען פון „איקוף" און פון דער אידישער יוגנט אין ארגענטינע זיינען דעמאלט באטראכט געווארן נישט נאר ווי א געלונגענער סינטעז פון ארגענטינישקייט און אידישקייט, נאר אויך ווי א גרויסער נצחון איבער דעם פאלש פארשטאנענעם ארגענטיניזם, וואס האט באהערשט א גרויסע טייל פון אונדזער יוגנט און האט זי געהאלטן דערווייטערט פון דעם אידישן געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן.

אזוי ווי אין יענער אלטער אידישער גלויבונג, אז ביי דער מו־טער אין בויך איז דאס קינד פול מיט דער אידישער תורה און חכמה, וואס ער האט איינגעזאפט אין זיך אין הימל, נאר פאר זיין געבוירן גיט אים א מלאך א שנאל אונטער דער נאז און ער פארגעסט אלץ, אזוי האט די מערסטע ארגענטינער אידישע יוגנט געגלויבט, אז מיט איר געבורט אין די גרעניצן פון דעם לאנד, האט זי איבערגעריסן יעדע שייכות מיט אידן, מיט אידישער געזעלשאפטלעכקייט, אידישע פראבלעמען און אידישע קולטור.

מען האט דער אידישער יוגנט געמוזט איבערצייגן, אז דאס איז, פשוט גערעדט, קולטורעלער זעלבסטמארד און פארראט; אז אנטלויפן פון די אייגענע מיט דעם ביסל וויסן וואס מען האט געכאפט, איז גארנישט אין הסכם מיט די הויכע אידעאלן, אין וועלכע די אידישע יוגנט באגייסטערט זיך און אז אויב א מענטש וויל זיין נוצלעך דער געזעלשאפט, מוז ער אנווענדן זיין וויסן און זיין ענערגיע אין די קרייזן וואס ער קען אמבעסטן; אז קולטור ווייסט נישט פון קיין גרעניצן און שפרייט זיך און ברייטערט זיך ווי דער קרייז אינעם וואסער, אנהויבנ־דיק פון זיין מיטלסטן פונקט און אז אט דער מיטלפונקט איז די אי־דישע שטוב און די אידישע אטמאספער, פון וועלכער ער קומט, איינ־

צייטיק מיט דער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און קולטורעלער אטמאָס־פער פון דעם לאנד, אין וועלכן ער איז געבוירן.

אין דער זעלבער צייט, זיינען אָט די אידייאישע באזעס, פאר־אייגנטע פון דער פּאָליטיש באוואוסטזיניקער און פּאָליטיש רייפער אידישער יוגנט אין ארגענטינע, אָנערקענט געוואָרן ווי די בעסטע גאראנטיע פאר דעם המשך פון אידישן קיום און אידישער קולטור אין ארגענטינע. אינעם גרונט פון אָט די באזעס ליגט די נויט־ווענדיקייט, אָט די מוטער פון אלץ דאָס שעפערישע. די נויט־ווענדיקייט, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, איז א געזעלשאפטלעכע, וואָס שטארקט זיך פון טאָג צו טאָג אלץ מער אינעם באוואוסטזיין פון דער אידשער יוגנט איבער דער פרימיטיווער אינדיווידועלער נויט־ווענדיקייט, איבער דעם אזוי גערופענעם אינדיוווידועלן „טאכלעס", וואָס שטויסט אידישע יוגנט צו ווּאולגארער אסימילאציע, צו קול־טורעלער פארפרעמדקייט און פּאָליטישער באגרענעצטקייט.

מען קען נישט פארזען דעם פאקט, און אויך נישט דעם פאקטאָר פון דער אסימילאציע, וואָס געפינט זיך אין דער אידישער עקאָנאָמי־שער פּאָזיציע פון דער גרויסשטאָט, א פאקטאָר פון שפּראכלעכער און אין א געוויסער מאָס קולטורעלער צופאסונג; נאָר די זעלבע עקאָנאָ־מישע פּאָזיציע מוז פארטיידיקט ווערן און זי קען נישט פארטיידיקט ווערן אנדערש ווי געזעלשאפטלעך, אנדערש ווי אָרגאניזירטערהייט, און אָט דאָ קומט יעדער איד, אלט אָדער יונג, אויג אויף אויג מיט דער אידישער קולטור: מיט די אידישע אינסטיטוציעס פון פארשיידנסטן כאראקטער, וואָס האָבן זיך געשאפן און זיך אנטוויקלט א דאנק אָט דעם מוז און האָבן באקומען כאראקטעריסטיש־אידישע פאָרמען: פון דער חברה־קדישא, ביקור חולים, אידישער שפּיטאָל און די אזילן ביז די לאנדסלייט־פאריינען, ביבליאָטעקן, טעאטער און צייטונגען, וואָס קענען נישט אָפּגעטיילט ווערן איינע פון די אנדערע, ווען אפילו זיי פירן א קאמף צווישן זיך אָדער ווייל זיי פירן צווישן זיך א קאמף. און יעדער קאמף, ווי ער זאָל דאָס נישט אויסזען, איז סוף־כל־סוף אן אידייאישער, א קאמף פאר איינפלוס צווישן די שיכטן פון דער באַ־פעלקערונג, צווישן יונג און אלט, אין א געווויסן זין.

אזוי ארום איז די אידישע באפעלקערונג אין לאַנד אויסגעוואקסן צו א באדייטנדיקן טייל פונעם אידישן פאָלק, וואָס פירט אויף אזא אָדער אויף אן אנדער אופן זיין עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל לעבן אין אנדערע לענדער. ער לאָזט זיך נישט איגנאָרירן פון פרעמדע און טאָר אוודאי נישט איגנאָרירט ווערן פון אייגענע, פון די זין און טעכטע זיינע, וואָס האָבן אין אָט דעם געזעלשאפטלעך-קולטורעלן כוח זייער פעסטונג, זייער שוץ. נאטירלעך, איז די שוץ א רעלאטיווע, ווי יעדער אנדער פּאָליטישער כוח, און זי מוז זיך שטיצן אויף אנדערע פּאָליטישע אָדער געזעלשאפטלעכע כוחות פונעם לאַנד, און דאָס טאָר מען אויך נישט פארגעסן.

מען טאָר דאָס נישט פארגעסן איבערהויפּט דעמאָלט ווען מען רעדט וועגן דעם אייגענעם כוח און וועגן דעם אייגענעם געזעלשאפט־לעכן און קולטורעלן באדייט. וואָרום פונקט ווי ס'איז געפערלעך צו איגנאָרירן דעם אייגענעם כוח און דעם אייגענעם באדייט, ווען עס גייט אין פארטיידיקן זיך, אזוי איז אויך געפערלעך ווען מען שאצט איבער דעם אייגענעם כוח און באדייט און מען איגנאָרירט די אנדע־רע. אינעם קאמף קעגן דעם פאשיזם אינעם וועלט־מאסשטאב, האָבן זיך פאראייניקט די גרעסטע וועלט-מעלוכעס, באזונדערהייט וואָלטן זיי דעם פאשיזם נישט באזיגט; די קלענערע מלוכות, פאר זיך אליין — מאכטן גאנצע, וואָלטן אוודאי פארשלונגען געוואָר ווען זיי נעמען אונטער אזא קאמף. דאָס אייגענע איז א קאמף אינעם לאַנד־מאס־שטאב. און מען טאָר דאָס נישט פארגעסן אויך מחמת פאראן זיינען אין יעדער געזעלשאפט און ביי אידן נישט ווייניקער געוויסע שיכטן מיט טענדענצן פון אָפּזונדערונג אוים פּוריטאנישע קאָנצעפּטן פון נאציאָנאלן לעבן, וואָס זיי האלטן אלס באדינג פון נאציאָנאלער אייג־היטונג.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די אידישע יוגנט־אָרגאניזאציעס „פעכבא" און אירע פעדערירטע פאריינען, „סיכיר" און אירע אָנגע־שלאָסענע יוגנט-פאריינען, ווי די אנדערע דירעקט אינעם „איקוף" אָנגעשלאָסענע, וועלכע האָבן אָט די אידייאישע באזעס אָנגענומען, זיינען אונטערן דרוק פון א טעראָר־רעזשים געצוואונגען געווען אָפּצו־

שטעלן זייער עפנטלעכע טעטיקייט אָדער זי צו באַשרענקען, האָבן אָבער זייערע קאָמפּאָנענטן די אידייען נישט אויפגעגעבן און וואו נאָר ס׳איז מעגלעך געווען האָבן זיי די אידייען פאַרשפּרייט. מיט אָט די אידייען זיינען זיי אריינגעדרונגען אין אַלגעמיינע אידישע אינסטי־טוציעס און זיי באַלעבט צו לעבעדיקער און פּרוכטבאַרער אידישער קולטור־אַרבעט; מיט אָט די אידייען האָבן זיי געהאָלפן שאַפן איינ־קייט אין די פּראָווינץ־שטעט אויף פאַרשידענע געביטן פון קולטורע־לער און אידיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און מיט אָט די אידייען איז אויך געלונגען צו שאַפן איינִיקייט אויף דעם געביט פון אידי־שער סאָלידאַריטעט און נאַציאָנאַלע אידישע פּראָבלעמען: די הילפס־אַרבעט און דאָס שטיצן די אידישע פאָדערונגען ביי דער וועלט־אָרגאַ־ניזאציע.

וועןמיר ריידן איצט פון אָרגאַניזירן ארום איקוף די אידישע יוגנט און מיר פאַרופן צוליב דעם אַ שטאָטישע יוגנט־קאָנפערענץ, שטייט אונדז פאַר די אויגן אָט דער אידישער געזעלשאַפטלעכער, קול־טורעלער און נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין, וואָס „איקוף״ האָט פאַר דער אידישער יוגנט אין אַרגענטינע אויפגעדעקט און קולטיווירט. אָר־גאַניזירן די יוגנט ארום „איקוף״ מיינט אָרגאַניזירן זי ארום אָט די באַלעבנדיקע און שעפערישע אידייען, וואָס קערן אום די אידישע יוגנט צום אידישן פאָלק.

# ווי אַזוי זאָלן מיר אַריינציען די אַרגענטי־נער אידישע יוגנט אין אונדזער אידיש קולטור־לעבן?

**רעפעראַט געלייענט אויף דער שטאַטישער קולטור־קאָנפערענץ, פאַרופן פון איקוף דעם 8טן סעפטעמבער 1946.**

דער גרעסטער שונא פון דער אידישער שפּראַך — דער תכלית, דאָס זוכן א קאַריערע — סיי אזא וואָס שטייט אויסער די גרעניצן פון דעם קאָמפּאַקטן אידישן לעבן, אויסער דער געטאָ, דעם שטעטל, און אויסער דער אידישער גאס און סיי אזא וואָס שטייט אויף דעם ראנד פון דעם דאָזיקן אידישן לעבן, אלס פארמיטלער צווישן אים און דער דרויסנדיקער וועלט — אָט דער שונא טוט זיין אונטערגראָבערישע ארבעט זייט גאָר לאַנג שוין; זייט דעם ווי די געטאָ־מויערן אין מערב־אייראָפּע האָבן זיך צעעפנט און פריי געלאָזט דעם דראנג פון דער אי־דישער יוגנט צו באהעפטן זיך מיט דער אייראָפּעישער קולטור אָדער ציוויליזאציע — רופט עס ווי איר ווילט — וואָס האָט אין זיך אריינ־גענומען דאָס וויסן און די קונסט צוזאמען מיט דעם האנדל און אינ־דוסטריע, און מיט דעם מענטשלעכן שטרעבן צו אינדיווידועלער און געזעלשאפטלעכער שלימות.

דעמאָלט הויבט זיך עס אָן אָט דער פּראָצעס, וואָס מיר רופן אָן אַסימילאַציע, וועלכע גייט דורך דאָס גאַנצע אידישע לעבן, אין אַלע ישובים, וואו אידן לעבן, וואו זיי האָבן געלעבט און וואו זיי האָבן

געשאפן זייער ניי לעבן; פון דעמאָלט אָן ביז היינטיקער צייט, און וועט נישט אויפהערן אזוי לאנג אידן קומען אין בארירונג מיט דער נישט אידישער וועלט, מיט איר קולטור און ציוויליזאציע, מיט איר וויסן און קונסט, מיט איר האנדל און מיט אירע שטרעבונגען צו שלימות, קולטורעלער און סאָציאַלער.

און דאָס אייגענע פארקערט: אין דער זעלבער צייט ווי דאָס וויסן און די קונסט, דער האנדל און די אינדוסטריע, ווי די מענטש־לעכע שטרעבונג צו שלימות קומען אין בארירונג מיט די אידישע מאסן, הובט זיך אָן ביי אידן די געבורט פון א מאָדערנער, קולטור אין דער אידישער שפראך, און זיי דערפירן די שפראך פון דעם אידישן פאָלק, פון די אידישע מאסן, צו דער העכסטער מדרגה פון איר אנט־וויקלונג, אלס די שפראך פון א ברייט פארצווייגטער אידישער ליטע־ראטור, פון א ברייט פארשפרייטן אידישן טעאטער, פון א רייכן אי־דישן צייטונג־וועזן, שול־וועזן, פאטייען־קאמף, בכלל געזעלשאפטלעכן און קולטור־לעבן. זינט דער ערשטער בארירונג פון וויסן און געזעל־שאפטלעכן קאמף מיט די אידישע מאסן, זוכט אָט דער ברייטער שטראָם די אידישע שפראך. אזוי אין די אלטע אידישע ישובים און אזוי אין די נייע.

אָט דער פאקט, וועלכן עס באשטעטיקט א גאנצער יאָרהונדערט אידיש לעבן, לערנט אונדז מיט דער גאנצער קלאָרקייט, אז שפראב־לעכע אסימילאציע און שפראכלעכע לייטערונג און אויפקום ביי אידן גייען פאראלעל און פירן צווישן זיך א שטילן אָדער א שטורמישן געראנגל, אָן אונטערערדישן אָדער אָן אָפענעם. און נאָך לערנט אונדז דער פאקט, אז מיט די צוויי זייטן זיינע, מיט דער תכלית־זוכעניש פון איין זייט או מיט דעם געזעלשאפטלעכן קאמף פון די אידישע מאסן, קען מען מעסטן, ווי מיט א קאָמפאס, די קולטור־אָריענטאציע פון דעם אידישן לעבן, פון די וויטערדיקע אידישע דורות אין דעם אָדער יענעם לאנד.

וואָס איז זי אזוינס די אסימילאציע בכלל? זי איז די סימולא־ציע אינעם קאמף פאר לעבן. זי איז דער מימיקרי, דאָס מיטל פון יע־נעם שוואכן חיהלע, וואָס בייט די פארב פון איר הויט אין אנקלאַנג

מיט דער פארב פון דעם אָרט, כדי דער שונא זאָל עס נישט באמערקן. דער שוואכער איד, דער איינצלנער, וואָס נעמט אונטער זיין לעבנס וועג אינדיווידועל, איינער אַליין אין דער ברייטער וועלט, וואו ער זעט אין יעדן נישט־איד א פרעמדן, א שונא, טוט דאָס וואָס עס טוט דאָס שוואכע חיהלע: ער פּאַסט זיך צו צו דער ארומיקער סביבה: אָנ־געטאָן זיך אייראָפּעיש און לויט דער לעצטער מאָדע, צוגעפּוצט באָרד און פאות האָט ער שוין לאנג. דאָס איז געווען דאָס לייכטסטע. דאָס שווערסטע איז צו בייטן די פּנים־שטריכן, וואָס ער איז מיט זיי גע־שטראָפט. שווער איז צו בייטן דעם ספּעציפישן אויסדרוק פון די אויגן, אין וועלכע עס ליגט די פאַרזיכטיקייט פון דעם געיאָגטן, דאָס זוכנדיקע פון דעם אומזיכערן און דאָס פינקלדיקע פון דעם דערפינדער; נישט גרינג איז אויך צו פטרן די תנועה די אידישע, די תנועה פון דעם חריף און פשטלער, וואָס גייט אים נאָך, אָן זיין ווילן און אָן זיין וויסן, זינט זיינע אור־עלטערן האָבן געלערנט אין די בבלישע ישיבות; דאָס גרינגסטע איז איבערצונעמען די ארומיקע שפראַך. אמת, פון אָנהויב שלעפּט זיך נאָך זיין נייער שפּראַך דער אידישער אקצענט, דאָס גע־זאנגל און דער ריטם פון דעם איילנדיקן אידן; ער האָט אָבער א האָ־פענונג, אז מיט דער צייט וועט ער דאָס גובר זיין, וועט זיך דאָס אויסוועפּן.. דער גרעסטער קאָמפּלימענט פאר אזא אידן איז, אז מען דערקענט נישט אין אים דעם אידן.

אזא איד, אן אינדיווידועלער איד, אָדער דאָס אינדיווידועלע אינעם אידן, זוכט אויסצומיידן אידישע געזעלשאפט, אויף וויפל דאָס איז אים מעגלעך. ער זוכט זיין געזעלשאפט ביי נישט אידן אָדער ער אנטלויפט בכלל פון געזעלשאפט. ווען דאָס איז שוין נישט מעגלעך, זוכט ער ארויפצוציען אויף זיין געזעלשאפטלעכקייט, די געזעלשאפט־לעכקייט פון זיינס גלייכן, — ווידעראמאָל, ווי יענע חיהלע, די פּארב פון דער סביבה: איר שפּראַך, איר שטייגער, אירע מאכלים, איר פאָלקס־מוזיק, אירע טענץ, אירע צייטונגען, איר גאסן־ליטעראטור. אפילו זיינע רעליגיעזע צערעמאָניעס — אזא איד האָט בטבע מורא נישט נאָר פאר מענטשן, נאָר אויך פאר גאָט, פאר וועלכן ער פילט זיך זינדיק — אפילו אָט די צערעמאָניעס, פארבט ער אָפּ מיט דער

אלגעמיינער לאָקאלער פארב: מיט דרשות אין דער לאנדשפראך, מיט אָן היטלדיקע „רבים" אָדער „רעווערענדן" און אפילו מיט זונטיקדי־קע אָנשטאָט שבתדיקע גאָטעסדינסטן.

מיר זאָגן דער אינדיווידועלער איד און מיר מיינען די אינדי־ווידועלע אידן, וואָס זייער צאָל איז געוואלדיק גרויס, מעגלעך אזוי פיל אָדער נאָכמער ווי די נישט אינדיווידועלע און דערפאר האָבן מיר פריער צוגעגעבן: „דאָס אינדיווידועלע אינעם אידן"; מהמת דער שטריך געפינט זיך כמעט ביי יעדן אידן אין איין צייט מיט דעם געזעלשאפטלעכן שטריך, וואָס געפינט זיך אויך ביי כמעט יעדן אידן, אפשר נאָך אין א גרעסערער מאָס ווי דער אינדיווידועלער. דער קאמף צווישן אסימילאציע און אידישן לעבן ווערט געפירט נישט בלויז אין דער אידישער געזעלשאפט, נאָר אויך אין יעדן אידן באזונדער. עס קעמפט אין אים דאָס אינדיווידועלע, וואָס ראט דעם מענטשן זיך צו ראטעווען אין א סכנה ווי איינער קען, מיט דעם געזעלשאפטלעכן, וואָס ראט אים צו פאראייניקן די כוחות און באקעמפן די סכנה. דער געדאנק צו אנטלויפן פון דער עדה און זי לאָזן אויף גאָטס בארָאט, ראנגלט זיך מיט דעם געדאנק צו פארבלייבן מיט איר און טיילן איר גורל; צוזאמען פארטיידיקן איר לעבן, אירע רעכטן, צוזאמען בויען איר צוקונפט. דעריבער טאקע איז ביי אידן פאראן זייער א סך אסי־מילאציע און גאָר ווייניק אבסאָלוטע אסימילירטקייט. פאראן איז איר פראָצעס, פאראן זיינען אירע גראדן, נאָר נישט איר פארענדיקטע פאָרעם. מען קען אָנווייזן — ווי איך האָב שוין אמאָל אָנגעוויזן — אויף דער גאנצער גאַמע פון אידישקייט־מדרגות אין יעדן אידישן ישוב און אויך אין אונדזערן.

קען מען אָבער פארטיידיקן די אידישע פּאָזיציעס, דאָס אידישע רעכט אויף לעבן, אויף זיין פרייער אויסערונג אלס קולטור־געמיינ־שאפט, ווען מען טראָגט אין זיך דעם געדאנק פון אנטלויפן, וואָס ליגט אינעם גרונד פון דער אסימילאציע, פון דעם יחידישן דראנג זיך צוצופּאסן און אויסבאהאלטן דעם אייגענעם פּנים, דעם עכטן איי־גענעם וועזן? ניין, מען קען נישט.

דאָס גרויסע און רייכע אידישע קולטור־פאַרמעגן: ליטעראטור,

טעאַטער, שולן, פּרעסע, געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אירע פאַרשידנסטע פאָרמען און צוליב די פאַרשידנסטע צילן, איז געשאַפן פון דיזער אידישער עדה, וואָס גלויבט אין אירע כוחות. דאָס האָט זי זיך אָנגעאייגנט, לויט אירע כוחות, די דעראָבערונגען פון דעם מענטש־לעבן גייסט און זי פאַרטיידיקט און באַקרעפטיקט אָט דאָס אָנגע־לעבטע האָב און גוטס ביי אלע אומשטענדן, ביי די ערגסטע.

און איצט נעמען מיר אָט די צווייזייטיקע מאָס, וואָס דער גע־שיכטלעכער פאַקט שטעלט אונדז צו און מיר מעסטן די גראַדן פון אידישן קולטור לעבן אין אַ פּאָר לענדער אלס מוסטער: אין צפון־אַמעריקע, מיט אירע פינף מיליאָן אידן, אינעם לאַנד מיט דעם גרעס־טן אידישן ישוב אין דער וועלט, האָבן די איינגעוואַנדערטע אידן פון מזרח־אייראָפּע געבראַכט מיט זיך זייער געזעלשאַפטלעך לעבן און זייערע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און אויף דעם געזעלשאַפטלעכן באָדן, וואָס זיי האָבן ווייטער קולטיווירט, איז אויפגעגאַנגען אַ אי־דישע ליטעראַטור, אַ אידיש טעאַטער, אַ אידיש שולוועזן, אַ אידישע פּרעסע. אָבער צפון־אַמעריקע איז אַ לאַנד מיט דעם שאַרפסט אַנט־וויקלטן אינדיווידואַליסטישן קאָנצעפּט פון לעבן; תכלית־זוכעניש איז דאָרט די העכסטע לעבנס חכמה. אָט דער אינדיווידואַליסטישער קאָנצעפּט און „פּראַקטישקייט", וואָס מיר נעמען אריין אין געגנדזנפּים־לעך, האָט געלייגט זיין שטעמפּל אפילו אויף אירע אָרגאַניזאַציעס, און צוערשט האָט ער זיך גענומען צעלייגן אין דער אידישער קולטור־שאַפונג גופא, האָט געמאַכט פון די מערסטע אידישע צייטונגען „פּיי־פּערס", געשריבן מיט אידישע אותיות אין אזא פאַרענגלישטן אידיש, אז מיר דאָ פאַרשטייען אים קוים; האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן־אידישן רעפּערטואַר אין טעאַטער, וואָס האָט נישט זיין גלייכן מיט זיין פּראָ־פאַנירן די אידישע שפּראַך און זיך אַראָפּלאָזן צום נידעריקסטן גע־שמאַק פון די באַזוכער; די אידישע שרייבער און די אידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן זיך אָט דער „פּראַקטישקייט", זיינען פאַרבליבן ביי אַ מיזערנער צאָל לייענער און צושויער: די אינ־טעליגענציע פון דער אַלטער איינוואַנדערונג, וואָס האָט זיך נאָך דער־האַלטן ביים לעבן. אין די אידישע שולן לערנט מען אַ פּאָר שעה דריי

מאָל אין דער וואָך אידישקייט: רעליגיעזע אָדער וועלטלעכע, וואָס פארילרט אלץ מער איר וועלטלעכן כאראקטער, וואָס דאָס מיינט איר אקטועלקייט און איר ארטיקייט. די אידישע ליטעראטור און טעאטער איז איינגאנצן נישט פארבונדן מיט די אָרטיק געבוירענע אידישע דור-רות. די אידישע שרייבער שרייבן היסטאָרישע און אידייאיש-אַבס־טראקטע ווערק, געדרוקט אין א פאָר הונדערט עקזעמפּלארן פאר דער אייגענער ענגער סביבה. דער אידישער טעאטער שפּילט פאר די זיי־דעס און באָבעס.

וואָס זשע שטעלן מיט זיך פאָר די צפון-אמעריקאנישע אידישע דורות? זיי זיינען דאָס וואָס די פריער געשילדערטע אסימילאציע־סימולאציע מאכט פון א יחידישן אידן א תכלית־־זוכער. זיי דעקן צי זייער אידישע קולטור-פוסטקייט מיט ענגליש פארפוצטן רעליגיעזן שטייגער; מיט אידישער צדקה און צדקה־געזעלשאפטלעכקייט (טשא־רימי און טשאריטי־פארטיעס); מיט ציוניזם, וואָס מיינט די שאפונג פון א אידישער מלוכה אין פאלעסטינע און מיט אינטערעס און הילף פאר אידיש לעבן און אפילו אידישער ליטעראטור און קונסט אין... „יוראָפּ".

זיינען זיי שוין פארלוירן פאר דער אידישער קולטור? איז שוין געקומען דער סוף צו א אידיש קולטור-לעבן אין צפון־אמעריקע? ווי ווייט מיר זיינען פון דאָרט, מיר ארגענטינישע אידן, ענטפערן מיר דערויף: ניין. פארוואָס? ערשטנס, דערפאר וואָס מיר גלויבן נישט אין דער אייביקייט פון דעם אינדיווידואליסטישן קאָנצעפּט ביי די אמע־ריקאנער און אין דער אייביקייט פון דער לעבנס־חכמה ביי די אמע־ריקאנער אידן, וואָס מיר רופן אָן תכלית; צווייטנס, ווייל מיר גלויבן אינעם כוח פון דעם געזעלשאפטלעכן דראנג, וואָס געפינט זיך ביי דעם אינדיווידועלסטן אידן. אָט דער כוח מאניפעסטירט זיך אין פאר־קריפּלטע פאָרמען אונטערן שטאַרקן דרוק פון דעם אינדיווידואליס־טישן און תכליתדיקן; ער וועט אָבער געפינען דעם וועג צו אייגענעם און עכטן אויסדרוק, ווי נאָר דער דרוק פון זיין שונא, וועלכן מיר רופן אויבן אָן דער גרעסטער שונא פון דער אידישער שפּאך, וועט אפּגעשוואכט ווערן.

עס וועט אונדז צו ווייט פאַרפירן דער אַנאַליז פון דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס, וואָס די אידישע דורות האָבן דורכגעמאַכט און מאַכן דורך אין צפון־אַמעריקע. וועגן דעם האָט מען שוין אַ סך געשריבן איבערהויפּט דר. חיים זשיטלאָווסקי, אין די יאָרן פון גרויסן קריזיס אין 1929, ווען אידישע אַדוואָקאַטן זיינען געגאַנגען וואַשן געפּעס אין די רעסטאָראַנען. מיר ווילן נאָר זאָגן, אַז סיי דער אַמעריקאַנער אינדיווידואַליזם און סיי דער אידישער תכלית, מאַכן דורך זייער קריזיס באַגלייט מיט די פיינלעכסטע סאָציאַלע דערשיינונגען, מיט ראַסן־האַס און אַנטיסעמיטיזם, וואָס פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון די נאָרד אַמעריקאַנער אידן צוריק צו אינדוסטריעלער אַרבעט און אויך צו אַגריקולטור, צוריק פונעם אינדיווידואַליזירנדיקן יאַריד, וואו דער איד איז נישט דאָס וואָס ער איז אין דער היים און צווישן אייגענע; צוריק פון דעם אַסימילירנדיקן תכלית.

מיר ווילן איצט נעמען פאַר אַ מוסטער אַ צווייט לאַנד: אַן אייראָפּעיש לאַנד — פראַנקרייך.

פראַנקרייך איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די אידישע רעכטלאָזיקייט און אויך דאָס ערשטע לאַנד, וואו אידן האָבן דורך טיר און דורך טויער גענומען צופּאַסן זיך צום אַרומיקן שטייגער, ווערן פראַנצויזיש נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר אויך גייסטיק, קולטורעל. די אידן פון דרום פראַנקרייך האָבן די ערשטע אַוועקגעוואָרפן זייער פראַנצויזישן אידיש, וועלכער איז היינט נישט מער ווי אַ קוריאָז, און די אידן פון צפון־פראַנקרייך, זייער עלזאַסער אידיש, וואָס ליגט אינעם גרונד פון אונדזער היינטיקער אידישער שפּראַך. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט פון די שטעטלשע אידישע קרעמער געמאַכט שטאָטישע סוחרים און בערזע־מעקלער; פון די שטעטלשע אידישע באַלמעלאָכעס — שטאָטישע פאַבריקאַנטן, און פון דער יוגנט — בוכהאַלטערס און אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן פון זייער גאַנצן היימישן שטייגער מיט זייערע חדרים און ישיבות, מיט זייערע „דין תורהס" און „שאלות ותשובות", איבערגעלאָזט פאַר אַ זכר די שיל, אַ צוגעפּוצטע אָפּן קאַטוילישן שטייגער, אַן אַ ווייבערישן גאַניק, מיט אַן אָרגל און מיט אַ פראַנצויזישן סידור.

מיט א גאנצן יארהונדערט שפעטער וואנדערן איין קיין פאריז אידישע באלמעלאכעס: שניידער, קאשקעטן־מאכער, מאראקינערן, טישלער און שטעקל־מאכער און זיי ברענגען מיט זיך א ניי אידיש לעבן אין פראנקרייך. די סאציאליסטישע אידייע, די ארבעטער ארגאניזאציעס קומען צו אט די אידישע באלמעלאכעס אין זייער שפראך אין אידיש, מיט אידישע פראקלאמאציעס. זיי שאפן דעמאלט א באזונדערן אידישן קווארטאל, ארום ריוואלי, מיט אידיש טעאטער, מיט א אידישער ביבליאטעק און אידישע בוכהאנדלונגען, מיט אידישע רעסטאראנען און הערינג־קלייטלעך און ציען אריין אין דעם לעבן אפילו אלטע שוין אסימילירטע פראנצויזישע אידן, זיי פאראידישן ווידער די שולן; אויף די ראבינער־פאסטנס ווערן אנגעשטעלט אידיש־ריידנדיקע רבנים פון עלזאס אדער פון פוילן און אוקראינע. עס קומט די איינוואנדערונג פון אידישע ארבעטער נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה און עס ווערט געשאפן א נייער אידישער קווארטאל, דער בעל־וויל, א אידיש ארבעטער־לעבן אינערהאלב דעם פראנצויזישן: ביבליאטעקן, ארבעטער־קלובן, לאנדסלייט־פאריינען, וועלטלעכע שולן, פארטיי ארגאניזאציעס, צייטונגען, ניי אידיש טעאטער מיט א רעזשיסער פון דער אידישער דראמאטישער שול אין פוילן, א אידישע שרייבער גרופע, א אידישע קינסטלער־גרופע, איניציאטיוון פון אליועלט־לעכן אידישן קולטור אינטערעס; און ארום אט דעם נייעם אידישן לעבן אין פראנקרייך, אנטשטייען און פארבינדן זיך נייע אידישע צענטערן פון קולטור־לעבן אין בעלגיע און האלאנד, אין דער שווייץ, אין איטאליע. די נאצישע אקופאציע האט דאס דאזיקע לעבן פארטריבן אונטער דער ערד, א סך פון די טוער, פון די לערער, פון די שרייבער און קינסטלער אומגעבראכט; אבער ווי נאר דער נאצי־אקופאנט ווערט פארטריבן, קומט ווידער ארויף אויף דער אויבערפלאך אט דאס אידישע קולטור־לעבן מיט זיינע צייטונגען און זשורנאלן, מיט זיינע שולן און ארגאניזאציעס, א צאפלדיקער, א פרישער, א יוגנט־לעכער און לעבנס־דורשטיקער. דאס האט די אידישע ארבעט, די קאך־לעקטיווויזירנדיקע, די ארגאניזירנדיקע, געשאפן אט דעם וואונדער.

מיר ווען דא נישט אנווייזן אויף די פראצעסן פון אידיש לעבן

אין אנדערע לענדער, וואו אידיש לעבן נעמט אָן מלוכהשע פאַרמעגן לויט פאָרויסבאַשטימטע אידעאַלן און פּראָגראַמען, ווייל זיי קענען נישט דינען אַלס ביישפּיל פאַר אונדז דאָ אין אַרגענטינע, וואו אידיש לעבן איז אויפגעקומען ספּאָנטאַניש, אַלס באַדערפעניש פון די איינגעוואַנדערטע אידישע מאַסן, אַרבעטער, בעלי־מלאכות און קליינהענדלער.

וואָס האָבן מיר אין אונדזער לעבן דאָ אַזעלכעס וואָס פאַרטרייבט אונדזערע היגע דורות פון אידיש און אידישן קולטור־לעבן און הייסט זיי זוכן באַרעכטיקונג פאַר זייער געצוואונגענער אידישקייט אין אַזעלכע אויסטראַכטענישן ווי נעאָ־ספרדיזם אָדער אין דער פאַרשטאַטלעכונג פון אידישן קולטור־לעבן ערגעץ וואו ווייט פון זיי, אין אידיש אָדער העברעיש, ס׳אַרא חילוק זיי!... און וואָס האָבן מיר אין אונדזער לעבן אַזעלכעס, וואָס האַלט די דורות מיט אונדז און הייסט זיי צוריקקערן זיך צו אונדזער שפּראַך, אויך דעמאָלט ווען זיי זיינען פון איר אַוועק? ווי גרויס איז דער אויפלייזנדיקער כוח ביי אונדז אין לאַנד אויף דער אידישער יוגנט און ווי גרויס איז ביי אונדז דאָ דער אויפהאַלטנדיקער כוח? און דאָס זאָגן מיר דאָ נישט ווי קאַלטע פאָרשער, וואָס זוכן צו קאָנסטאַטירן דעם גראַנגל צווישן די צוויי כוחות און אַרויסטראָגן אונדזער פּסק: אַהין אָדער אַהער. אויב מיר האָבן שוין באַנוצט דעם טערמין „גראַנגל", טוען מיר עס ווי ענע נישט גלייכגילטיקע צושויער פון אַ געפעכט, וואָס סטימולירן זייער צד. און נישט נאָר מיר סטימולירן, נאָר מיר טרענירן אים, מיר קולטיווירן אין אים זיין קאַמפּס פעאיקייט, די אייגנשאַפטן וואָס זיינען אונדז געוואונטשן.

אַ געשיכטלעכער איבערבליק איבער דעם וועג פון דער אידישער יוגנט אין אַרגענטינע, פון די היגע דורות אונדזערע, ווייזט זיי אונדז אין פאַרשידענע פאַזיסן. רעדנדיק אין אַלגעמיינע טערמינען, זעען מיר זיי נאָכגעבן זיך דעם אַסימילירנדיקן שטראָם מיט דעם אימפּעט פון זייער יוגנט; מיר זעען זיי גיין מיט דעם שטראָם ווען אפילו נישט ווילנדיק און זוכן פאַר דעם מילדערנדע אומשטענדן אָדער קאָמפּענסאַציעס, סובסטיטוטן פון אידישן קולטור לעבן; היסטאָרישער יחוס, גייסטיקער יחוס, ציוניזם, שתדלנות־אידישקייט, אידישע פילאַנטראָ־

פיע און נאציאָנאלע אידישע סאָלידאריטעט. מיר זעען זיי אָבער אויך שוין גיין קעגן דעם אסימילירנדיקן שטראָם און זוכן די התקרבית מיט דעם אידישן קולטור-לעבן, וואָס דאָס מיינט, מיט דעם אידישן מאסן-לעבן.

זאָגן מיר אידיש מאסן-לעבן, מיינען מיר דעם קאמף וואָס די אידישע מאסן פירן פאר דעם אויפהאלט, דעם קיום און דעם המשך פון זייער קולטור, פון זייערע אָרגאניזאציעס און אינסטיטוציעס, פון זייערע שולן, ביבליאָטעקן, קלובן, טעאטער און פרעסע; מיינען מיר די אידעאלן, וואָס באלעבן די אידישע מאסן, זייער שטרעבן צו זען דאָס אידישע פאָלק ווי אַ פריי ארבעטס פאָלק אָן שום דיסקרימינאַציעס, א פריי קולטור-פאָלק אין דער משפחה פון די ארבעטנדיקע קולטור-פעלקער פון דער וועלט.

וואָס-זשע מיינט התקרבות מיט די אידישע מאסן און מיט זייערע אידעאלן, אויב נישט מיט זייער שפראך און ליטעראטור, מיט זייער אָרגאניזירטן לעבן, מיט זייער געזעלשאפטלעכקייט?

דאָס קען אויך מיינען, אז די פערספעקטיוון פון תכלית ביי דער אידישער יוגנט האָבן געליטן טיפע ענדערונגען אונטער דער ווירקונג פון דעם אלגעמיינעם סאָציאל-עקאָנאָמישן פראָצעס פונעם לאנד און די שטימונגען, וואָס ער רופט ארויס ביי דער אלגעמיינער ארגענטינישער יוגנט. דאָס קען אויך מיינען, אז די אידישע יוגנט פארטראכט זיך אויף איר סאָציאל-עקאָנאָמישער פראָבלעם און זוכט איר לייזונג; דאָס קען אויך מיינען, אז די אידישע יוגנט זוכט צו קאָנסאָלידירן איר אייגענעם כוח אינעם קאמף פאר אירע רעכטן און זוכן איר אָנשפאר אין דעם כוח, וואָס דער גאנצער אידישער ישוב אין לאנד שטעלט מיט זיך פאָר, קולטורעל און געזעלשאפטלעך.

און דאָ קומען מיר ווידער צו א ו נ ד ז ע ר אויפגאבע, צו דעם טייל ארבעט, וואָס מיר, דער דור, וואָס באטראכט זיך פאר דעם בויער פון אונדזער אידישן קולטור-ישוב אין ארגענטינע, איז מחויב צוצוטראָגן צו דער התקרבות, צו דער דערנענטערונג, וואָס מיר זוכן. מיר האָבן פריער באנוצט אזעלכע ווערטער, ווי סטימולירן, טרענירן, קולטיווירן. ווי אזוי? מיינט דאָס בלויז עפענען פאר דער אידישער

יוגנט אוונט־שולן פאר אידיש, לייענען פאר זיי רעפעראטן וועגן אי־
דישער ליטעראטור און געשיכטע, וועגן די אידישע סאציאלע באווע־
גונגען און אויפקלערן אידישע פראבלעמען? מיר האלטן, אז דאס
איז ווייניק און נישט ווירקזאם, אויב מיר גיבן נישט דער יוגנט קיין
פלאץ אין אונדזער געזעלשאפטלעך לעבן און אויב מיר גופא פירן
נישט דעם קאמף פאר אונדזער רעכט און פאר אונדזער ווירדע אין
דעם גייסט ווי עס פארשטייט דאס די יוגנט, מיט איר ענטוזיאזם
און קעמפערישקייט; אויב מיר גיבן נישט דער יוגנט די געלעגנהייט
אין אונדזער קאמף צו געפינען די עקספאנסיע פאר איר אידעאליזם

---

און מיר קומען דא צום שלוס:

אריינציען די אידישע יוגנט אין אונדזער קולטור־לעבן, מיינט
אריינציען זי אין דעם קאמף, וואס די אידישע געזעלשאפט אין אר־
גענטינע פירט צוזאמען מיט דעם גאנצן אידישן פאלק פאר דער לייזונג
פון זיינע פראבלעמען; פאר זיין קיום און קולטור, אינערהאלב די
העכסטע אידעאלן פון גערעכטיקייט און סאציאלן יושר און אנקניפן
זי דורך דער אידישער שפראך און ליטעראטור מיט דעם קאמף פאר
אט די אידעאלן, וואס דאס אידישע פאלק פירט זינט זיין אנטשטיי־
אונג און באזונדערס אין די לעצטע צענדליקער יארן פון אינטענסיוון
קאמף און אינטענסיוון שאפן.

# דער חוב פון דער ארגענטינער אידישער יוגנט

וואָס איז דער חוב פון דער אידישער יוגנט אין ארגענטינע צו זייער אייגענער קאָנדיציע אלס אידן, אין אָנבליק פון דער לאגע, וואָס האָט זיך געשאפן פאר די אידן פון דער גאָרער וועלט מיט דעם אויפקום פון דעם נאציפאשיזם און זיינע אידייען פון אידישער אויסראָטונג און אידישער דעגראדאציע, וואָס האָט ביז איצט אלס רעזולטאט געבראכט דעם אומקום פון זיבן מיליאָן אידן אין מזרח און מיטל-אייראָפּע און די דעגראדאציע פון טויזנטער לעבנגעבליבענע אין די קאָנצענטראציע-לאגערן און טויט-לאגערן?

וואָס איז דער חוב פון דער אידישער יוגנט אין ארגענטינע לגבי דעם אָנהאלט פון דעם נאציפאשיזם און זיינע אידייען פון אידן-אויסראָטונג און אידן-דעגראדאציע איצט, נאָך דער וועלט-מלחמה קעגן אים, אין די מוחות פון די נאציסטיש-ברוטאליסטישע מאסן און אלס אינסטרומענט פון פּאָליטיקער — דעמאגאָגן און רעאקציאָנערן?

וואָס איז איר חוב לגבי דער באוועגונג פון די אידן אין גאָר דער וועלט צו שטארקן די לעבנגעבליבענע פון יענעם גיהנום מיט הילף און סאָלידאריטעט און זיי ווידער איינאָרדענען אינעם לעבן, פון וועלכן זיי זיינען אויף אזא ברוטאלן אופן ארויסגעריסן געוואָרן?

וואָס איז איר חוב פאר דער אויפריכטונג פון זייער גייסטיקן לעבן, דער קוואל פון אידישן מוט און אויסדויער אין משך פון טויזנטער יאָרן?

וואָס איז איר חוב לגבי דעם אויסגעצייטיקטן שטאַרקן ווילן פון די אידישע מאַסן אין דער גאָרער וועלט צו בילדן אזא פּאָליטישן כוח, וואָס זאָל לאָזן הערן זייער שטים, זייער נאַציאָנאַלע שטים, אין דער וועלט־אָרגאַניזאַציע פון די פעלקער, וואו זיי זאָלן, גלייך מיט אלע פעלקער פון דער וועלט, פאַרטיידיקן זייערע רעכטן און זייערע לעבנס און זיך באַוואָרענען קעגן די אלערליי ביז איצט פּראַקטיצירטע אנטי־סעמיטישע איבערפאַלן?

וואָס, סוף כל סוף, איז איר חוב לגבי דער פאָדערונג פון דעם פּאַ־לעסטינער אידישן ישוב צו אָנערקענען זיינע מלוכהשע רעכטן, וואָס ער האָט זיך פאַקטיש דערוואָרבן מיט זיין פּיאָנערישער ציוויליזאַטאָרי־שער ארבעט און באַזונדערס מיט זיין העראָישן בייטראָג צום נצחון פון די אליאירטע פעלקער איבער דעם נאַציפאַשיזם?

אָט אזוי שטייט איצט די פראַגע פון דער אידישער יוגנט אין ארגענטינע און שטעלט אוועק אין א זייט אלע ביז איצטיקע טעאָרע־טישע גריבלענישן אירע וועגן איר שייכות צום אידישן פאָלק. אזוי האָט אוועקגעשטעלט די פראַגע און האָט אויף איר געגעבן אן ענטפער די לעצטנס געגרינדעטע אָרגאַניזאַציע פון דער ארגענטיניש־אידישער יוגנט „אכּכא" (אקסיאָן כואַוועניל כודיא ארכענטינא), וואָס מיינט: די ט א ט פון דער ארגענטינישער אידישער יוגנט.

מיר שטרייכן אונטער דאָס וואָרט „טאַט" אין דעם נאָמען פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט די דערמאָנטע פראַגן און האָט אויף זיי געגעבן א פּאָזיטיוון ענטפער, מחמת דאָס וואָרט כאַראַקטעריזירט דעם אייגנטלעכן וועזן אירן. זי איז אן אָרגאַניזא־ציע נישט פאַר טעאָרעטישע פאַרטיפונגען אין די פּראָבלעמען פונעם אידישן פאָלק און זייער שייכות צו די וועלט־פּראָבלעמען; זי לאָזט איבער אָט די ארבעט פאַר די עקזיסטירנדיקע אידישע און נישט אי־דישע פאַרטייען; זי שטעלט ארויס קאָנקרעטע אויפגאַבן, נאָך ריכ־טיקער, קאָנקרעטע ארבעטן, וואָס אפּעלירן צו יעדן אידישן יוגנטלעכן אָן אונטערשיד פון זיין פאַרטייאישער אָנגעהעריקייט אָדער פון זיינע פּאַרטייאישע סימפּאַטיעס. און דער פאַקט איז טאַקע, אז די גרינדער

פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען יונגעלייט פון די פאַרשידענע פּאַרטייי־לאַגערן.

דאָס זיינען יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון אונדזער צייט, וועלכע איז די צייט פון טאַט, פון אומ־אָפּלייגבאַרן רעאַגירן אויף פאַקטן און געשעענישן; די צייט ווען אי־בער נאַכט און איבער טאָג ווערן אַלטע זאַכן צעשטערט און נייע אויפ־געשטעלט און זיי שאַפן נייע סיטואַציעס, וואָס קענען נישט און טאָרן נישט פאַרבייגיין אָן דער אָפּשאַצונג און אָן דעם רעאַגירן פון מענטשן, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר באַוואוסטזיניקע טיילן פון דער געזעלשאַפט.

זיי האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט די סיטואַציע, אין וועלכער עס גע־פינט זיך דאָס אידישע פאָלק, סיי זיינע טיילן וואָס זיינען געווען דער דירעקטער אָביעקט פון די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן אין אייראָפּע און סיי די טיילן זיינע וואָס די געשעענישן האָבן זיי געטראָפן אין דער טיפעניש פון זייערע ברידערלעכע סענטימענטן און זיי אויפגע־שווידערט און לאָזן זיי נישט רוען, און האָבן ארויסגעשטעלט די באַל־דיקסטע, די נויטיקסטע און די אַלגעמיינסטע אַקציעס, וואָס פאָדערן די אַלגעמיינע אָנשטרענגונג פונעם אידישן פאָלק און רופן צו אָט דער אָנשטרענגונג די אידישע יוגנט אין אַרגענטינע.

אָט די אַקציע איז נישט נאָר די וואָס קען מאָביליזירן ארום איר די גאַנצע אידישע יוגנט, נאָר זי איז אויך די וואָס שטאַרקט די פּאַר־טייען און די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אין זייער פּראָגראַמען אַ טייל פון די אויפגאַבן אָדער אַרבעטן, וואָס די „אַכבא האָט זיך געשטעלט. דאָס זאָגן מיר אַקעגן דעם וואָס אַ געוויסע אידישע פּאַרטיי האָט געוואָרנט אירע מיטגלידער קעגן דער מיטאַרבעט מיט דער נייגרינדעטער יוגנט אָרגאַניזאַציע, אויס מורא פאַר קאָנקורענץ מיט איר.

לאָמיר זי דאָ אָנרופן ביים נאָמען: די ציוניסטישע פעדעראַציע האָט אַזאַ וואָרענונג געמאַכט און האָט דערביי ארויסגעוויזן, אַז איר קימערט ווייניקער דער ציל אירער, די דערגרייכונג פון דער אידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע אַ דאַנק דער אַלגעמיינער פאָדערונג פון אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק און עס קימערט איר אויך ווייניקער די פּאַר־

שפרייטונג פון דעם געדאנק און פון דער פאָדערונג צווישן אַלע שיכטן פונעם אידישן ישוב אין אַרגענטינע, אײידער איר פּאַרטיי־טעטיקייט, וואָס באַשטייט אין זאַמלען פאַר די ציוניסטישע פאָנדן, וואָס קענען דערפון ליידן, לויט איר מיינונג.

צום באַדויערן מוז מען זאָגן, אַז אַט די פאָדערונג איז אויך די וואָס באַגעגנט שווערקייטן צווישן דער נישט ציוניסטישער יוגנט, וועלכע האָט מורא, אַז דערמיט איז זי זיך מתחייב צו דער גאַנצער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע און צו דער גאַנצער ציוניסטישער אַקטי־וויטעט, נישט איבערקלייבנדיק.

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן אַרטיקל אין „איקוף" אָנגע־וויזן אויף דעם אונטערשייד צווישן ציוניסטישע פאָדערונגען און ציוניסטישער מענטאַליטעט. אונדזער שטיצן די ערשטע מיינט נישט אונדזער הסכם צו דאָס צווייטע. אינעם ציוניזם גופא איז די מענטאַ־ליטעט נישט איינע און די זעלבע ביי אַלע זיינע שאַטירונגען אָדער פּאַרטייען.

מיר קענען נישט מסכים זיין, למשל, צו דער מענטאַליטעט פון אַנטלויפן, פון איבערלאָזן דאָס פעלד פון קאַמף פאַר אידישן רעכט אומעטום וואו אידן וואוינען און דעם קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, מיט דעם געדאַנק, אַז די דערגרייכונג פון אַ אידישער מלוכה אין פּאַ־לעסטינע וועט דעם דאָזיקן קאַמף אומנויטיק מאַכן; מיר ווייסן צו גוט אַז אונטער דער מענטאַליטעט שטעקט אומגעזונטע רעזיגנאַציע, פחדנות און אָפט פשוטע רעאַקציע און גלייכגילטיקייט צום גורל פון די אָרימע אידן מצד די רייכע, וואָס גלויבן צו קענען זיך אויסקויפן.

מיר קענען אַזוי אויך נישט מסכים זיין צו דער מענטאַליטעט פון די העברעיסטן, וואָס זיינען מבטל די גאַנצע מאָדערנע אידישע קולטור, וואָס איז אויפגעקומען פון דעם קאַמף פון די אידישע מאַסן פאַר זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער דערלייזונג אין משך פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט אָדער פון נאָך פריער, ווען מען נעמט אין אַכט די קולטור־טראַגנדיקע באַדייטונג פון דער רעליגיעזער ליטעראַטור אין אידיש, די חסידישע מעשיות און מתנגדישע מגידות דעמאָלט ווען זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די מרידה קעגן דער הערשאַפט פון דער

גבירישער לומדות, און איז אויסן צו מאַכן פון די פּאַלעסטינער אידן א „גוי קדוש”, אַן אָפּגעזונדערטן און אָפּגעשיידטן פון דעם „וואָכע־דיקן און עם־הארצישן גלות אידנטום”.

מיר קענען נישט מסכים זיין צו באַדינגען די גאַנצע שטרעבונג פון דעם אידישן ישוב אין פּאַלעסטינע צו א פּאַרהייליקטער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס בינדט זי צו צום רייטוואַגן פון דעם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם און צו זיינע אינטריגעס, האַלטנדיק אין שטענדיקער ריי־צונג און שפּאַנונג די אידן מיט די אַראַבער. אָבער, מיר שטיצן דאָס רעכט פון דעם אידישן ישוב אויף זיין מלוכהשער אויטאָנאָמיע, מיר מאַכן פּאָפּולער אָט דאָס רעכט צווישן די נישט אידישע פּאָליטישע כוחות פון דער וועלט און מיר מאַכן זי פאַר דער פאָדערונג פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט און ווען עס וועט נויטיק זיין צו קעמפן פאַר איר, וועלן מיר פאַר איר קעמפן מיט דער גאַנצער וואָג פון אונד־זער געזעלשאַפטלעכער ווירקונג ווי אונדזערע אַן אייגענע פאָדערונג. מיר ווייסן איבערהויפּט נישט פון מהיכא תיתא־אידייען.

מיט דער דאָזיקער פאָדערונג איז אויך פאַרבונדן א צווייטער פּונקט, וואָס פיגורירט אינעם אקציאָנס־פּראָגראַם פון דער „אכּכּא”: קאַמף פאַר אָפּשאַפן דעם „ווייסן בוך” און פאַר דער פרייער איינוואַנ־דערונג אין פּאַלעסטינע. אָט די פאָדערונג איז פּרינציפּיעל א רעכט־לעך אידישע און פאַקטיש איז זי פאַרבונדן מיט דער שטעלונג אונד־זערער צום גורל פונעם פּאַלעסטינער אידישן ישוב און מיט דער אַל־געמיינער אידישער לאַגע אין דער וועלט און אין מזרח־און מיטל־אייראָפּע בפרט.

אויב מיר נעמען נאָענט צום האַרץ אָט די לאַגע, קענען מיר נישט פאַרזען דעם פּסיכישן צושטאַנד פון טויזנטער און טויזנטער אידן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און די וואָס בלאָנקען אום אָן א היים, וועלכע זוכן אויפריכטונג אויף א נייעם אָרט, בפרט אויף אזא וואָס איז פאַרבונדן מיט אַן אידעאַל פון נאַציאָנאַלער דערלייזונג, נאָכ־דעם ווי זיי זיינען אַלס אידן אזוי דעגראַדירט געוואָרן נישט נאָר פון נאַצישן גערמאַנער, נאָר פון אַלט־אַנטיסעמישן פּאָלאַק. קענען מיר צווינגען עמיצן צוריקצוקערן אין זיין פאַרמיאוסטער היים דעמאָלט

ווען מיר אליין האָבן אַזעלכע היימען פאַרלאָזט און געבויט נייע?

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט לענגער אויף די דערמאָנטע צוויי פונקטן אינעם אַקציאָנס־פּראָגראַם פון דער „אכבא", מחמת זיי זיינען פאַר א סך פון אונדזערע חברים ניי. א סך פון אונדזערע חברים האָבן נאָך נישט איבערגעלופּטערט זייער אַלטע „שנאת ציון" שטעלונג, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך בירושה פון אַנדערע פּאַרטייען און פון יענע צייטן, ווען „פּאָרן בויען דאָס אידישע לאַנד", איז באַטראַכט געוואָרן — און עס איז אַזוי טיילווייז געווען — ווי א פאַרראַט צום קאַמף פאַר דעם „אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם.

היינט איז פּאַלעסטינע א לאַנד פון קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם און קעגן דעם אימפּעריאַליזם. היינט איז פּאַלעסטינע א לאַנד וואו עס איז פאַראַן א ברייט פעלד פון טעטיקייט פאַר דער העכערונג פונעם לעבנס־ניוואָ און פאַר דער קולטור פון דער באַפעלקערונג און דער עיקר — פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער ברידערשאַפט פון די פעלקער וואָס באַוואוינען דאָס. היינט שאַצט אָפּ דער פּאַלעסטינער אידישער ישוב אויף א גאָר באַזונדערן אופן די ווירקונג פון דעם ראַטנפאַרבאַנד אויף דעם וועג פון דער וועלט צו סאָציאַלן יושר, צו מענטשןרעכט און פעלקער רעכט און זיין קאָלאָסאַלן ביימראָג צו דערשטיקן דעם נאַציזם — דעם שונא פון דער מענטשהייט און בפרט פון אידישן פאָלק.

דאַרף מען נאָך איבערצייגן אונדזערע חברים אין דער באַדייטונג פון אַזא פונקט אינעם „אכבא"־פּראָגראַם ווי: קאַמף פאַר אן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, וואָס פאַרורטיילט אַנטיסעמיטיזם, ווי רעליגיעזע און ראַסן־דיסקרימינאַציע אַלס קרימינעלן פאַרברעכן? דער דאָזיקער פונקט איז באַזירט אויף דער הנחה, אַז נאָר אינעם קאַמף צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטישע כוחות פון דער באַפעלקערונג אין יעדן לאַנד, ליגט די גאַראַנטיע פון אידישע רעכט און אידישער זיכערקייט. דער פונקט איז א קאָנקרעטיזירטער אָביעקט פון דעם לאַנג אָנערקענטן קאָנצעפּט אונדזערן וועגן קאַמף קעגן פאַשיזם.

דער פונקט וועגן דער באַטייליקונג פון דער אידישער יוגנט אין דער הילפס־אַרבעט פאַר די אייראָפּעישע אידן דאַרף אויך נישט אַנ-

דערש אויסגעטייטשט ווערן: דאָס איז א חוב וואָס שטאַמט פון א סאָלידארישן מענטשלעכן געפיל און באקומט א ריזיקע נאציאָנאלע באדייטונג אין אונדזער טראנסצעדענטאלער צייט פון פעלקער־אויפריכטונג נאָך די אומגליקלעכע יאָרן פון דער היטלער-הערשאפט איבער אייראָפּע. מיר ווילן נאָר צוגעבן, אז די דאָזיקע סאָלידאריטעט מיט די געליטענע אידן, קען אויך אויסגעברייטערט ווערן אויף די נישט אידישע דעמאָקראטישע שיכטן, וואָס דאָס איז וויכטיק אויך פאר דעם געמיינזאמען קאמף קעגן דעם פאשיזם.

וואָס שייך דער באטייליקונג פון די אידן אין דער פרידנס־קאָנפערענץ, וואָס געפינט זיך אויך אלס פונקט אינעם „אכבא"-פּראָגראַם, דרינגט ער ארויס פון דעם אלעמען וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן און דער עיקר, איז אָט די פאָדערונג א שטאַרקער צעמענט פאר דער מאָביליזאציע פון אלע אידישע געזעלשאפטלעכע כוחות אין איין נאציאָנאלן ווירקזאמען כוח, וואָס זאָל קענען דורכפירן די היסטאָרישע אויפגאבן, וואָס די צייט האָט אויף די לעבן געבליבענע אידן ארויפגעלייגט.



# פעלקער־סאָלידאַריטעט – די גייסטיקע טענדענץ וואָס דרינגט אַרויס פון אונדזער צייט

ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אין דער טיף פון די הייגטיקע
וועלט־געשעעניש, וואָס בויען איבער די וועלט פּאָליטיש און סאָ-
ציאַל־עקאָנאָמיש, אויף איר גאַנצן אָדער אויף אַ טייל בלויז פון איר
שטח, ברויזן אויך נייע קולטור־קאָנצעפּציעס און רייסן זיך אַרויפ־
צוקומען אויף דער אויבערפלאַך. ס'איז אויך קיין ספק נישט, אַז די
נייע קולטור־קאָנצעפּציעס וועלן אויף זיך האָבן דעם שטעמפּל פון
דעם קאַמף, וואָס גייט איצט אָן צווישן די פאַרשידענע סאָציאַלע כו-
חות פאַר זייער עקזיסטענץ און אויבערהערשאַפט, ווי פון די סאָציאַ־
לע פאָרמען, וואָס וועלן זיך פון דעם קאַמף באַקומען.

וויל מען, דעריבער, דעשיפרירן באַצייטנס די קולטור־קאָנצעפּ-
ציעס, וואָס שטויסן זיך אַרויסצוקומען אויף דער אויבערפלאַך, מוז
מען זיך שאַפן צוערשט אַ וואָס מער אַרומכאַפּנדיקן באַגריף וועגן די
סאָציאַלע כוחות וואָס שטייען אין קאַמף און וועגן דעם גייסטיקן גע־
ווער, וואָס זיי באַקומען אין דעם קאַמף.

דאָס בילד פון די באַטייליקטע פּאָליטישע כוחות איז לפנים,
קלאָר און ווערט קלאָרער פון טאָג צו טאָג: עס קעמפט אַ קאָאַליציע פון
דער בירגערלעכער און סאָוועטישער דעמאָקראַטיע קעגן דער קאָאַליציע
פון דעם פאַשיזם אין אַלע זיינע פאָרמען. אינערלעך זיינען די דאָזיקע
קאָאַליציעס נישט קיין שטרענג אויסגעקריסטאַליזירטע, זיי זיינען עס

אַפילו נישט אויסערלעך, כאָטש אין דער לעצטער ריכטונג ווירקן די מיליטערישע נויטווענדיקייטן פון ביידע צדדים און די זאָרג פאַר אַ לענגערן פרידן אין דער צוקונפט. אויף וויפל אָט די פאַקטאָרן ווירקן, האָט זיך געשאַפן אַ געוויסע מלוכישע און מיליטערישע פאָרשטעלונג וועגן די קאָאַליציעס אין דעם פאָרעם פון די פראָנטן און פון די אָפּמאַכן. נישט אַזוי סאָציאַל; אין דעם זין זיינען די פראָנטן, דערווייל אַלנפאַלס, גאָרנישט שטרענג אויסגעטיילט און זיינען אַריינגעריסן איינער אינעם צווייטן.

כדי זיך צו פונאַנדערקלייבן אין די סאָציאַלע פראָנטן, וואָס זיי אייגנטלעך זיינען די וואָס אַרבעטן אויס און גיבן פון זיך אַרויס די קולטור־מאַטעריע, וועלן מיר זיך דערלויבן אָנוואַרפן דאָס דאָזיקע סאָציאַלע בילד פון די לעצטע עטלעכע יאָר:

די אַלע הערשער איבער דעם אומבאַוועגלעכן רייכטום פון אויף דער ערד און אונטער איר, האָבן אויסגעפונען אינעם פאַשיזם דאָס אידעאַלע מיטל ווי איינצוהאַלטן אין זייערע הענט דעם באַזיץ זייערן און זייער הערשאַפט, וואָס האָבן גענומען אַרויסגליטשן זיך פון זייערע הענט אויף פאַרשידענע אופנים: דורך דער פאַרוואַנדלונג אין פּראָדוקציע און אין גאָלד, פליסט אָן אויפהער זייער באַזיץ און זייער הערשאַפט אַריבער צו די אינדוסטריעלער און סוחרים; דורך דער דעמאָקראַטיזירונג און סאָוועטיזירונג פליסט דער באַזיץ און די הערשאַפט אַריבער צו די אַרבעטנדיקע פעלקער־מאַסן, אַלס נאַציאָנאַליזירטע אָדער פאַרצעלירטע, דאָס דערפונדענע מאָסמיטל, באַקאַנט אונטער די נעמען פאַשיזם, נאַציזם, פאַלאַנכיזם, באַשטייט אין איינשמידן די אַרבעט אין אַ רעזשים פון טעראָר און שקלאַפעריי און די פּראָדוקציע און דעם האַנדל אַריינעמען אין די אייגענע הענט און מאַכן פון זיי אַ געווער פאַר דער קאָנסערווירונג פון זייער הערשאַפט. דאָס איז דער זין פון די „קאָרפּאָראַציעס”, וואָס פאַריינניקן אין איין קערפּערשאַפט די באַלעבאַטים מיט די אַרבעטער, דעם באַזיץ מיט דער פּראָדוקציע און מיט דעם האַנדל. דאָס איז דער זין פון דעם קאָרפּאָראַטיוון שטאַט, וואָס פאַרבייט דעם פּאַרלאַמענטאַריש־פּאָליטישן, וועלכער איז דער אויסדרוק פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און שאַפט אָפּ דעם קאַמף וואָס עס

פירן די פראפעסיאנעלע פאריינען פאר דער העכערונג פונעם לעבנס־ניווא און די בירזשעס, וואס האלטן אין די הענט דעם באראמעטער פונעם וועלט-האנדל. אין א געוויסן טייל איז עס אויך דער זין פון דעם אנטיסעמיטיזם, וואס באגלייט דעם פאשיזם: די אידן, הייסט עס, זיינען דאס האנדלס־פאלק זינט אלטע צייטן און זייער האנדל האט געבראכן די הערשאפט פון די גרויסבאזיצער.

די האנדלס וועלט, ווי די אינדוסטריעלע, א געגנארטע מיט דער פערס-פעקטיוו פון די אפגעשאפטע אדער געצווימטע פראפעסיאנעלע פאריי־נען און פון די לינקע פארטייען און אליין אפט באזיצער פון גרויסן אומבאוועגלעכן אייגנטום, האבן זיך אנגעהויבן נאכגעבן דעם פאשיס־טישן יצר־הרע, ווען זיי כאפן זיך נישט באצייטנס אדער עטוואס צו שפעט, אז אין דער זעלבער צייט בינדט ער זיי הענט און פיס און אז די גרעסטע סוחרישע שפיצלעך זיינען אנמעכטיק, ווען צוזאמען מיט אלע אנדערע פאלקס־פרייהייטן ווערט אפגעשאפט די פרייהייט פונעם האנדל און ווען צוזאמען מיט דער פארשקלאפונג פון די ארבעטער, ווערט אלץ קלענער דער געברויך־מארק, דער האנדלס־מארק, און אז בכלל ווערט די פונקציע פון דעם סוחר און פאבריקאנט ארויסגענומען פון זיינע הענט.

אויך אין דער גייסטיקער וועלט, אין דער וועלט פון די אידייען, האט דער פאשיזם אפעררירט מיט א געוויסן דערפאלג; ער האט זיך גענומען קליידן אין ראמאנטיש-נאציאנאליסטישע שלייערן: דער אי־טאליענישער פאשיזם האט זיך אויסגעפוצט אין די העלמען פונעם האלטן רוים, אין די העלדישקייטן פון יוליוס צעזאר; דער נאציזם האט זיך אויסגעבאדן אין די בלוטיקע לעגענדעס פון די אלטע גער־מאנישע געטער; דער שפאנישער פאלאנכיזם האט אויפגעפרישט פאר זיך די אידעאלן פון דעם קאטוילישן קעניג-פאר, פערדינאנד און אי־זאבעלא, אונטערן נאמען היספאניזם; אין לאטיין־אמעריקע האט מען דעם קאטוילישן היספאניזם געטיילט מיט דעם קולט צו די טיראנען און טיראנדלעך פון איר אקצידענטן־רייכער יונגער געשיכטע; אין די פאריניקטע שטאטן האט מען פון דעם אייגענעם יחוס געמאכט א ראַ־מאנטיש־נאציאנאליסטישן קולט; אין פראנקרייך האט מען אויפגע־

וויקלט די מאָנאַרכיסטישע פאָן און גערופן צו דעם גלאַנץ-פעריאָד
פון פאַר דער גרויסער רעוואָלוציע און אין ענגלאַנד האָט מען בכלל
אָנגעקוואָלן פון דעם צוריקקער צו די אַלטע טראַדיציעס אומעטום וואו
די אימפעריע פון זיין מאַיעסטעט האָט אירע אינטערעסן... די נאַ-
צישע ראַסן־טעאָריע האָט אויף דעם דאָזיקן נאַציאָנאַליסטיש צעאַ-
קערטן באָדן זיך אָנגענומען און זיך צעבליט ווי א וואונדער. אין
אונדזערע לענדער, וואו די אויסבעסערונג פון דער ראַסע — דער
מענטשישער אַלציינס ווי דער בהמהשער — איז אַ הויפּטזאָרג, האָט
מען גענומען ממש לעכצן נאָך גערמאַנער. און ס'איז שוין פאַרשפּאָרט
צו זאָגן, אַז אידן זיינען געוואָרן אין די לענדער ווי אַ דאָרן אין אויג...

און ווידער דאָס אייגענע, ווער ווייסט ווי ווייט דאָס וואָלט גע־
פירט, ווען די האַנדלס פעלקער ענגלאַנד און נאָרדאַמעריקע כאַפּן זיך
נישט באַצייטנס און אפשר אויך אביסל צו שפּעט, אַז צעזאַריזם, גער־
מאַניזם און היספּאַניזם זיינען נישט בלויז גייסטיקער פּוץ פאַר דער
היימישער רעאַקציע אין איטאַליע, דייטשלאַנד און שפּאַניע, נאָר אויך
עקספּאַנסיע־מיטלען און נישט בלויז גייסטיקע, נאָר אויך עקאָנאָמי־
שע, פּאָליטישע און טעריטאָריאַלע, און אַז די פאַשיסטישע, נאַצים־
טישע און פאַלאַנכיסטישע „קאָרפּאָראַציעס" זיינען אויסן נישט בלויז
צו באַוואָרענען די הערשאַפט פון די אייגענע גרויסבאַזיצער, נאָר זיי
זיינען אויך אויסן איבערצונעמען אין זייערע הענט דעם וועלט־האַנדל,
מיט דער הילף פון דער ביליקער שקלאַפן-ארבעט, פון „דעמפּינג" און
אינפלאַציע. עס איז מיט דער צייט קלאָר געוואָרן די פעלקער פון דעם
מערבדיקן העמיספער, אַז אין אייראָפּע האָט זיך געשאַפן אַ פאַר-
שווערונג אַריינצואוואַרפן ענגלאַנד און נאָרדאַמעריקע אין אַ פערמאַ־
נענטן קריזיס, אין ארבעטסלאָזיקייט, פּאַופּעריזאַציע און פיזישער און
גייסטיקער דעגראַדאַציע, אַז היטלערס „מיין קאַמף" איז נישט זיין
פערזענלעכע טעאָרעטישע פלוידעריי, נאָר אַ פּלאַן, וואָס איז פאַר־
טראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט די באַזיצער פון די דייטשע קויל־און
אייזן־מינען צו ווערן די באַלעבאַטים פון אייראָפּע און זיי איינשפּאַ־
נען אין דער וועלט דעראָבערונג און אַז דער „אַנטי־קאָמינטערן"־בונד
פון די דערמאָנטע מיט יאַפּאַן, איז אַ בונד קעגן זיי.

די ווייטערדיקע אויסוויקלונג פון די געשעענישן האָט דאָס אַלץ באַ־שטעטיקט. היטלערן איז גאָרנישט שווער אָנגעקומען צו אָרגאַניזירן אַ מעכטיקע קריגס־מאַשין מיט דער הילף פון דער סימפּאַטיע וואָס ער האָט געקראָגן ביי דער וועלט-רעאַקציע, ספּעציעל ביי די אָנגעשראָקענע און דאַנקבאַרע גוטבאַזיצער פונעם באַלקאַן, פון פּוילן און פון די באַלטישע לענדער און ביי די אייראָפּעישע שכנים פון מערב־זייט. עס איז אים אויך נישט שווער אָנגעקומען צו פאַרבלענדן די אויגן פון די מערבדיקע רעגירנדיקע קרייזן מיט זיין האס צו סאָוועטרוסלאַנד. אויפן חשבון פון דער פאַרבלענדונג דאַרפן פאַרעכנט ווערן די אומויפהער־לעכע קאָנצעסיעס פון די מערב־מלוכות צו דייטשלאַנד און דאָס אויס־שליסן סאָוועטרוסלאַנד פון דער פעלקער ליגע ווען זי, רוסלאַנד, האָט זיך געזוכט צו באַוואָרענען קעגן היטלערס פּלענער אין פינלאַנד. אין אַזאַ אַטמאָספער פון פאַרבלענדעניש אין די רעגירנדיקע קרייזן פון מערב-אייראָפּע, איז עס קיין חידוש נישט געווען וואָס די סאָוועט־רוסישע פּאָליטיק פון אַלגעמיינער ערבות פאַרן פרידן איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן אפילו פון די דירעקט באַדראָטע פראַנקרייך און פּוילן, וואָס האָט זיי געפירט צום חורבן.

די אויסניכטערונג — כאָטש נאָך נישט קיין פולשטענדיקע — פון אָט דעם פּאָליטישן טשאַד, וועט קיינער נישט לייקענען, איז אַ גוואַלדירע, נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי טייער געקאָסט און שוין אָט די אויסניכטערונג שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווענד־פּונקט אין דער גייסטי־קער געשטאַלטונג פון דער וועלט. די ראָמאַנטיש־נאַציאָנאַליסטישע אידייען, צוזאמען מיט די פּאָליטישע מאָסמיטלען, האָבן אָנגעוואָרן זייער חן אפילו ביים ריין באַזיצערישן עולם אין די מערבדיקע לענדער, נאָך איידער זיי האָבן זיך רעכט אָנגענומען. אָנשטאָט אָט די אידייען מאַכט זיך אַ וועג צום ברייטן עולם, פּאַראַלעל מיט דער ווידער־דער־וואַכטער געטריישאַפט צו די דעמאָקראַטישע פאָרמען און פרייהייטן, די סימפּאַטיע צום ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט נאָכן פאַשיסטישן פאַר־ראַט צום נישט־אָנגריף אָפּמאַך פון 1939, פאַרנומען זיין פריערדיקן אָרט קעגן דעם פאַשיזם. די וועלט האָט דערזען אין די סאָוועטישע פעלקער ימען מיט אידעאַליזם, מיט קרבנות־גרייטקייט, מיט אינטעלי־

גענץ און דערפאַרונגען אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון מענטשלע־כער טעטיקייט, אין דער טעכניק, אין דער וויסנשאַפט, אין דער לי־טעראַטור און קונסט, וואָס גיסן זיך אַלע אריין אין דער אייניינציקער שטרעבונג צו באַזיגן דעם שונא. עס באַווייזט זיך אין דער מערבדיקער פּרעסע און ליטעראַטור אַ טענדענץ אראָפּצואוואַשן פונעם ראַטנפאַר־באַנד דעם גאַנצן „בלעקמייל", מיט וועלכן מען האָט אים יאָרנלאַנג באַוואָרפן און ארויסגעשטעלט אַלס לאַנד פון דיקטאַטור און טיראַניי און מען נעמט באַזינגען זיינע העלדישקייטן.

ווען אפילו אין דער סימפּאַטיע איז פאַראַן אַ גרויסע דאָזע זשענ־טלמענישער חוב פון שותפים אינעם קאַמף קעגן אַ געמיינזאַמען שונא אַנשטאָט צו דער הערשאַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט און ווען אפילו שפּעטערדיקע חילוקי דעות וועלן אַ טייל פון דער סימפּאַטיע אָפּקילן, וועט פון דעם שותפותדיקן קאַמף פאַרבלייבן צווישן די פעלקער אַ גרוי־סער סאַלדאָ פון סאָלידאַריטעט און פון גייסטיקער התקרבות. מען דאַרף געדענקען, אַז ווי שטאַרק עס זאָלן נישט זיין שפּעטער די רייבונגען צווישן די צוויי קאַפּיטאַליסטישע ריכטונגען, דער בירגערלעך־דעמאָקראַטי־שער און דער סאָוועטישער, ווי ביז, למשל, עס זאָלן נישט קוקן נאָרד־אַמעריקע און ענגלאַנד אויף דער פאַרצעלירונג פון דער פּריצישער ערד אין פּוילן, וועלכע איז שוין אומפאַריכטלעך אונטער סאָוועטישער ווירקונג, און ווי נישט ליב זיי זאָל זיין די סאָוועטישע ווירקונג אויפן באַלקאַן, אָדער ווי עס זאָל נישט שאָקירן די סאָוועטישע פעלקער דער חשק פון ענגלאַנד און אַמעריקע אויף ווייטער צו פאַרבלייבן די הערשער איבער די ימים, וואָס דאָס מיינט אויך פונעם וועלט־האַנדל, שטייט איבער דעם אַלעמען די אויפריכטונג פון דעם חורבן און די אויפהאַלטונג פון דעם פרידן, וואָס וועט זיי האַלטן גע־בונדן אויף לאַנגע יאָרן, וואָס דאָס מיינט קולטיווירן פריינטשאַפט, נישט נאָר דיפּלאָמאַטישע, נאָר אויך עקאָנאָמישע און גייסטיקע.

אַ גרויסער פאַקטאָר אין דער קולטיווירונג פון דער גייסטיקער התקרבות צווישן די פעלקער, וועט אויך זיין די נייע אַרבעטער אינ־טערנאַציאָנאַלע, וואָס דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פון די פּראָפעסיאָ־נעלע פאַריינען אין לאָנדאָן האָט באַשלאָסן צו גרינדן. אַנשטאָט די ביז איצט צעריסענע צווישן זיך פעדעראַציעס. שוין דער קאָנגרעס

האָט דאָס באַוויזן. דער קאָנגרעס האָט דערהויבן די פעלקער־סאָלידאַריטעט צו דער צענטראַלער אידייע פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־שאַפט און אַלס הויפּט־אויפגאַבע פון איר אַרבעטס־פּראָגראַם, וואָס דאָס מיינט סאָלידאַריטעט מיט יעדן שריט וואָס די אַרבעטערשאַפט פון יעדן לאַנד מאַכט אויפן וועג פון איר וואוילזיין, פון העכערן איר לעבנס־ניוואָ, פאַרגרעסערן איר פּאָליטישן וואָג און באַרייכערן זי גייסטיק, קולטורעל. זייער ריכטיק האָט אָנגעוויזן אין דעם זין פּראָפעסאָר האַראָלד לאַסקי, אַז דערגרייכט איז עס געוואָרן אַ דאַנק דעם וואָס דער קאָנגרעס האָט אויסגעמיטן טעאָרעטישע וויכוחים און האָט זיך פאַרנומען אויפן וועג פון מעשים. די מעשים זיינען געווען די וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די קאָאַליציע פון די דריי גרויסע קעגן דער קאָאַליציע פון די פאַשיסטישע לענדער בשעת די טעאָרעטישע דיס־קוסיעס האָבן זיי געהאַלטן צעריסן. די מעשים פון דער אַרבעטערשאַפט וועלן נישט נאָר אָנהאַלטן זייער סאָלידאַריטעט, זיי וועלן אויך העלפן אָנהאַלטן די סאָלידאַריטעט פון די פעלקער, וואָס דאָס וועט אויך זיין די קולטור־קאָנצעפּציע פון דער נאָך־מלחמהדיקער וועלט.

אויף אַ באַזונדערן אופן זעען מיר די ווירקונג פון דער דערנענטערונג־טענדענץ אינערהאַלב די פעלקער, ווען אַפילו אַ סך פון אירע דערשיינונגען קען מען באַצייכענען אַלס ציטוויייליקע אָדער פון קורצן דויער. מיר האַלטן, למשל, אַז די כמעט איינשטימיקע דערוויילונג פון מיסטער רוזוועלט אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז נישט פון דערשיינונגען וואָס גייען שנעל פאַריבער; זי קען זיך איבער־חזרן אָרום אַ צווייטער פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל ווי רוזוועלט אויס־דריקן מיט זיך דעם געאייניקטן ווילן פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק צו טראָגן אויף זיך די אחריות פאַר דעם וועלט־פרידן און פאַר דער אויפריכטונג פונעם וועלט־חורבן. אַפגעזען פון געוויסע אויסנאַמען זעען מיר די טענדענץ אין דער אינטעראַמעריקאַנישער קאָנפערענץ און אינערהאַלב די לענדער, וואָס זיינען אויף איר פאַרטראָטן געווען. אויך די בריטישע קאָמאָנוועלט גרייט זיך צו באַנייטער אייניקייט. דער ביישפּיל פונעם ראַטנפאַרבאַנד רעגט אָן די באַלקאַן־לענדער, די לענ־דער אויפן מערב־ברעג ריין, די אַראַבער און אויך די אידן.

אינערהאלב דעם אידישן פאָלק זיינען מיר די עדות פון א דערנענטערונג צווישן די סאָוועטישע אידן מיט די אידן פון דער גאנצער אידישער דיאַספּאָרע. נישט נאָר איז עס געשען מיט די גליקלעכערווייזע געראטעוועטע אידן בעת דער אנעקסיע פון מערב־ווייסרוסלאנד, מערב-אוקריינע, בעסאַראַביע, בוקאָווינע און די באַלטישע שטאַטן צום ראטנפארבאנד, נאָר אויך מיט דעם אמעריקאנישן, באלקאנישן און פאלעסטינישן. באזונדערס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם לעצטן פון די דערמאָנטע אידישע ישובים, וואָס האָט די התקרבות ארויסגעוויזן אויף אן אויסערגעוויינלעך ענטוזיאסטישן און פייערלעכן אופן. דריטהאַלבן צענדליק יאָר איז פּאַלעסטינער ישוב באַטראַכט געוואָרן אין דער אידישער וועלט ווי דער סימבאָל פון דער קעגנערשאפט צום אידישן עקאָנאָמישן און קולטורעלן איבערבוי אינעם ראטנפארבאנד און דאָס אייגענע פארקערט. און אָט דערהערט זיך דורך ראדיאָ די שטים פון מנחם מענדל אוסישקין, דעם דעמאָלט העכסטן לעבעדיקן אויסדרוק פונעם פאלעסטיניזם מיט א גרוס און מיט א מתנה פאר די העלדישע סאָוועטישע קעמפער, וואָס האָבן איינגאנצן זיך איבערגעגעבן צום קאַמף קעגן דעם ערגסטן שונא פון דער מענטשהייט און פונעם אידישן פאָלק. אלס ענטפער דערויף איז ארויסגעפלויגן א דעלעגאציע פון סאָוועטישע אידן קיין פאלעסטינע, אויפן וועג צו די אידן פון אמעריקע, אין דער פּערזאָן פון דעם פאָלקס־ארטיסט מיכאָעלס, און דעם פאָלקס־דיכטער איציק פעפער און נישטאָ מער די פרעמדקייט, נאָר די אָנערקענונג יעדן אידישן ישוב זיין רעכט אויף נאציאָנאלער עקזיסטענץ און אלס טייל פונעם גאנצן אידישן פאָלק.

אלע טעאָרעטישע סיכסוכים צווישן די פעלקער און אינערהאלב זיי איז איצט גובר דער געבאָט פון דער סאָלידאריטעט, וואָס ברויזט פון דער טיף פון היינטיקע וועלט־געשעענישן און וועט לאנג אָנהאלטן אלס די גייסטיקע טענדענץ און אלס די קולטור־קאָנצעפּציע פון דעם איצטיקן דור און פון די קומענדיקע.

מאַרץ 1945.

# די איינקייט־באַוועגונג אינעם אידישן פאָלק

לאַנגזאַם, צו לאַנגזאַם, מיין איך, ווערליק דאָס פאָדערט אונדזער שנעל שטראָמענדיקע צייט, וואָס טראָגט אויף אירע כוואַליעס איין וועלט-אומוואַנדלדיקע געשעעניש נאָך דער צווייטער, מאַכט זיך א וועג דער געדאַנק פון דער איינקייט אינעם אידישן פאָלק אין אָנבליק פון אַט די אומוואַנדלונגען, וואָס מוזן באַרירן אונדז גופא, די אידן, אלס פאָלק און פאָדערן פון אונדז ווי פון אַזעלכן, אונדזער באַוואוסטזיניקן רעאַגירן.

דעם ערשטן שאַרפן רוף צו דער אידישער איינקייט האָבן מיר אין אונדז דערפילט מיט דעם אויפקומען פון דעם היטלעריזם, וועל־כער האָט פּראָקלאַמירט די אויסראָטונג פון די אידן ווי א לייזונג פאַר אַלע איבלען, וואָס די וועלט-רעאַקציע ליידט פון זיי, און האָט מיט דעם מערדערישן געדאַנק אָנגעשטעקט די רעאַקציע איבער דער גאַרער וועלט.

באַזונדערס שאַרף האָבן מיר דעם רוף אין זיך דערפילט ווען דער היטלעריסטישער געדאַנק איז איבערגעגאַנגען אין טאַט. און נישט נאָר דאָרט וואו ער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, איז ער געוואָרן טאַט, נאָר אויף די פאַרשיידנסטע אופנים איז ער עס געוואָרן אין אַלע לענדער און אין אַלע קרייזן, וואָס אים איז געלונגען אריינצוציען אין זיין וועלט-פאַרשווערונג קעגן דער פרייהייט פון די פעלקער און פאַר א וועלט־קנעכטשאַפט אונטער דער רוט פון די דייטשע הארן.

אָט דער ערשטער שאַרפער רוף צו אייניקייט האָט דאָס געשאַפן די אידישע אָרגאַניזאַציעס צום קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און די שפּעטערדיקע באַמיונגען זיי צו פאַראייניקן צוליב מער ווירקזאַמקייט. דער רוף אין אונדז האָט גערעדט מיט די איבערצייגנדיקסטע פאַקטן. קלאָר געוואָרן איז, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַרויס פון זיינע פריערדיקע ברעגעס, אין פאַרנעם ווי אין פאַרמעסט. אויב פריער, איידער דער היטלעריזם איז געקומען, האָט דער אַנטיסעמיטיזם, נאָך געקענט גילטן ווי אַ מין געשמאַק־זאַך אָדער ווי אַן אַלערגישע דערשיינונג, באַנוצנדיק אַ ביאָלאָגישן טערמין, ביי געוויסע הויכע קרייזן, וואָס זיינען אייפערזיכטיק געוועזן אויף זייער יחוס און ווי אַ לאָקאַלע דערשיינונג, אינערהאַלב געוויסע שיכטן און געוויסע לענדער, איז ער איצט געוואָרן אַ פּאַן אין דעם ריזיקן קאַמף, וואָס האָט איינגעטיילט די וועלט אין צוויי מחנות.

קלאָר האָט זיך פאַר אונדז אויסגעקריסטאַליזירט די סיטואַציע: פון איין זייט די פרייהייטלעבע, די דעמאָקראַטישע טייל וועלט און פון דער צווייטער זייט די אַבסאָלוטיסטישע, די וועלט פון רעכטלאָזיקייט, אומרעכט און אונטערדריקונג. אַקעגן דעם אַבסאָלוטיזם, וואָס האָט איינגעשפּאַנט אין דער דערגרייכונג פון זיינע אַמביציעס די פון אים פאַרשקלאַפטע און באַצוואונגענע פעלקער, האָבן דערקלערט אַן אָן רחמנותדיקן קאַמף די פרייע און דעמאָקראַטישע פעלקער. זיי קעמפן פאַר זייערע רעכטן און פרייהייטן. פאַראייניקטע ווענדן זיי אָן אַלע זייערע רעסורסן אין דעם קאַמף.

איז דען דערפון נישט קלאָר, אַז דאָס אידישע פאָלק, וואָס דער היטלעריזם האָט פּראָקלאַמירט זיין פיזישע אויסראָטונג און וואָס זיין פיזישע ווי רעכטלעכע עקזיסטענץ איז באַדינגט מיט דעם נצחון פון די פרייע פעלקער, זאָל אינגאַנצן, אַ פאַראייניקטס, און מיט אַלע זיינע רעסורסן, די מאַטעריעלע ווי די גייסטיקע, זיך אוועקשטעלן אויף דער זייט פון די פרייע פעלקער?

האָט אָבער אָט דער אינערלעכער רוף אונדזערער, אָנגעטראָפן דאָס אידישע פאָלק וואָס נישט גרייט צו אַזאַ אייניקייט. דעם געדאַנק פון דער אייניקייט, האָט גורם געוועזן די נישט געצוימטע פון אַ צענט-

ראלן כוח געזעלשאפטלעכע צעשפליטערטקייט און מער נאך: גראד איצט, ווען איינער אן אלגעמיינער, איבער אלץ און אלעמען שטייגנ־דיקער ציל — די דערהאלטונג פון אונדזער פיזישן און גייסטיקן קיום, — רופט די אידישע שיכטן צו איינקייט, פעכטן זייערע פירער צווישן זיך מיט דעם שווערד פון אינטערעסן־פארשיידנקייט, זוכן צו דער־ליידיקן אינערלעכע פארטיי־סיכסוכים, באזייטיקן גאנצע אידישע שיכטן פון דעם אנטייל אינעם קאמף אדער זונדערן זיך אפ פון זיי. טייל טוען דאס אפילו אינעם נאמען פון סאציאליזם, אינעם נאמען פון זיין פרינציפ, אז די רייבונגען אינעם פאלק זיינען דער וועג צום מענטשלעכן פראגרעס...

לאמיר דא נישט ריידן וועגן דער פראפאנאציע פון דעם פרינ־ציפ און דעם מיסברויך מיט אים, ווארום גראד די וואס פעכטן מיט אים, זיינען אויף דינסט ביי די רעאקציאנערסטע שיכטן אינעם אי־דישן פאלק, זיינען די טעכניקער פון זיינע געזעלשאפטלעכע אינסטי־טוציעס און אויך אינעם אינטערנאציאנאלן מאסשטאב שטיצן זיי די רעאקציאנערסטע פאליטיקער, וועלכע באהאלטן אזוי שלעכט אוים זייע־רע נאציסטישע סימפאטיעס. פאר די געפירטע בלויז איז כדאי אנצו־מערקן אז גראד דער סאציאליזם זעט פארוים די אומאויפהערלעכע אויסברייטערונג פון זיינע פרינציפן און באגריפן צוזאמען מיט דער אויסברייטערונג פון זיין קאמפס ארענע.

דער פאקט איז, אז אויף זיי, אויף די פעכטער מיט די ארטאדאק־סאלע דאגמען פונעם סאציאליזם, ליגט א גרויסע טייל שולד פאר דער נישט איינקייט און דעריבער נישט גענוגנדיקער ווירקזאמקייט פון דעם אידישן פאלק אין דעם קאמף, פון וועלכן עס איז אפהענגיק זיין גורל.

זיי טראגן אויך די שולד פאר דער נישט איינקייט און נישט גע־נוגנדיקער ווירקזאמקייט פון אונדזערע אנשטרענגונגען אויף דעם גע־ביט פון דער אידישער קולטור־פארטיידיקונג. דערפילנדיק דעם רוף פון דער צייט, די געפאר פאר דער אידישער קולטור, א געפאר וואס איז אנטשטאנען מיט דעם אויפקום פון דעם היטלעריזם און זיין פאר־פעסטונג פון די רעגירנדיקע קרייזן אין א גרויסער צאל לענדער, איז

אויפגעקומען ביי אידן דער געדאנק פון אן אלוועלטלעכער אידישער קולטור-פאראייניקונג, וואס האט באקומען זיין אויסדרוק אינעם אל־וועלטלעכן אידישן קולטור-קאנגרעס אין פאריז און אין דער גרינדונג פון דעם אלוועלטלעכן אידישן קולטור־פארבאנד.

צוזאמענגעקומען זיך זיינען קיין פאריז אין סעפטעמבער 1937 פארטרעטער פון אידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין דריי און צוואנ-ציק לענדער און ווידער, פאלגנדיק זייערע ענגע פארטיי־אינטערעסן, דער מורא אנצואווערן די העגעמאניע איבער דער אידישער קולטור אין איינם אדער אין א צווייטן לאנד, האבן זיי אפן אדער פארשטעל־טערהייט געשטערט אט דער אייניקייט און ווי אומגלויבלעך דאס זאל נישט קלינגען: זיי האבן מבטל געווען די עקזיסטענץ אפילו פון דער געפאר פאר דער אידישער קולטור מצד דעם נאציזם, פונקט ווי זיי האבן מבטל געווען דעם קאמף גופא קעגן דעם נאציזם.

צי איז דערין שולדיק דאס פעלן פון וויזיע און פארויסזען ביי די מענטשן, וואס נעמט זיך ביי זיי פון מורא פאר יעדער ענדערונג אינעם איינגעווארימטן ערטל און דעריבער פאלן אויף זיי די געשעענישן ווי א דונער פון לויטערן הימל אדער איז עס לכתחילה די מורא צו קוקן אין דער צוקונפט, אין דער נאנטסטער אפילו און אפשר גראד אין דער נאנטער; ווי דאס איז, ביי אזא פאלק ווי דאס אידישע, וואס האט נישט דעם צענטראלן געזעלשאפטלעכן כוח, וועלכער זעט פארויס די געשעע־נישן און ריכטעט זיין פאליטיק, איז די ווירקונג פון אזעלכע קורצזיכ־טיקע און קאנסערוואטיווע פירער א קללה.

באזונדערס זעט זיך דאס איצט, ווען די דערנענטערונג פון דעם סוף־מלחמה רוקט ארויס פראבלעמען פון דער אויפריכטונג: ווי זאל געשטאלטעט ווערן דאס נייע אידישע לעבן, דאס עקאנאמישע ווי דאס קולטורעלע? ווי אזוי זאל ארגאניזירט ווערן דער באוואוסטזיניקער אנטייל פון די אידן אין אט דער געשטאלטונג? וועלכע פאדערונגען זאלן געשטעלט ווערן צו דעם באזיגטן שונא אונדזערן, וואס האט אונ-דזער לעבן חרוב געמאכט און וואס טראגן מיר צו צו דער אלגעמיינער אנשטרענגונג, אז אזעלכע חורבנות זאלן מער נישט קענען פארקומען? וועלכע פאדערונגען ברענגען מיר צו צו די זיגרייכע מלוכות, וואס

ווערן די בויער פון דעם נייעם לעבן אין אייראָפּע? און דער עיקר, ווי אזוי זאָלן מיר בילדן דעם כוח וואָס זאָל אונדזערע פאָדערונגען צו־שטעלן?

עס איז גאָר קיין ספק נישט, אז דערצו פאָדערט זיך א געאייניקטער ווילן, א געאייניקטער געדאנק. אין דער ריכטונג ווערט שוין געארבעט, סיי אינעם ראטנפארבאנד, וואו די אידן האָבן דעם גרעסטן צושטייער געגעבן צו דעם נצחון איבער דעם היטלעריזם, סיי אין די פאראייניקטע שטאטן, וואו עס געפינט זיך דער גרעסטער אידישער ישוב איצט און סיי אין פּאַלעסטינע, וואָס איז די מעקא, אזוי צו זאָגן, פון א גרויסן טייל אידן איבער גאָר דער וועלט.

זינט א פּאָר יאָר, אז אינעם ראטנפארבאנד, פריער אין קויבי־שעוו, דערנאָך אין מאָסקווע, ווערט ארויסגעגעבן א ספּעציעלער זשור־נאל מיט דעם נאָמען: „אייניקייט", ארויסגעגעבן פון דעם אידישן אנטי־פאשיסטישן קאָמיטעט, וואָס זיין אויפגאבע איז צו שאפן די בריק צווישן דעם סאָוועטישן אידנטום, וואָס איז צוליב א ריי באקאנטע סיבות, ביז דער מלחמה באטראכט געוואָרן פון דער פּאטענטירטער אידישער געזעלשאפטלעכקייט ווי אזא וואָס האָט קיין חלק נישט אי־נעם כלל ישראל און אין דער זעלבער צייט דינען אלס אויסדרוק פון דער אייניקייט אינעם סאָוועטישן אידנטום גופא אין דער אלגעמיינער סאָוועטישער אָנשטרענגונג צו קעמפן די שלאנג וואָס האָט זיך פאר־מאָסטן אויף די פעלקער פונעם ראטנפארבאנד און פון דער וועלט בכלל, זיי צו פארשקלאפן און אויסראָטן.

וועגן זיינע צילן האָט דער קאָמיטעט ארויסגעשיקט א ספּעציעלן רוף צו די אידן אין דער גאַרער וועלט. דער אָפּרוף אויף דער ווענדונג איז געווען א ספּאָנטאנער, ער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער גרינדונג פון אידישע קאָמיטעטן וואָס האָבן געזאמלט הילף פאר די העלדישע קעמפער, אזוי אין אמעריקע און אזוי אין פּאַלעסטינע, אין אפריקע און אויסטראליע, אין די לענדער וואָס זיינען נישט ארונטערגעפאלן אונטער דער היטלעריסטישער הערשאפט. און די זאמלונגען האָבן ממש מאָביליזירט די סימפּאטיע פון אלע אידישע ישובים. קיין בעסערן באַ־ווייז פון דעם סענטימענט פאר אייניקייט וואָס הערשט ביי די אידן

אין דער גאָרער וועלט ארום דעם קאמף קעגן דעם היטלעריזם, האָט מען נישט באַדאַרפט. דערנאָך זיינען געקומען אויך איניקייט־וואונטשן פון דער אָפיציעלער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, צוערשט פון דער פּאַלעסטינישער דערנאָך פון דער נאָרד־אַמעריקאַנישער. באַקרעפטיקט זיינען געוואָרן די וואונטשן מיט דער אויפנאַמע פון די סאָוועטיש־אידישע שליחים מיכאָעלס און איציק פעפער אין אַמעריקע.

איז עס אָבער געקומען צו דער פראַגע איינקייט פון דער אידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט אויף די ערטער, באַזונדערס אין אַמעריקע, ארום די פּראָבלעמען פון קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און די נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען פונעם אידישן פאָלק, אַזוי האָט זיך ווידער צעש־פּילט דער פּאַרטייען־קאַמף, וואָס מאַכט צונישט אַלע באַמיונגען אין דער ריכטונג. און די הויפּט־שטערער זיינען ווידער אָט די מענטשן, וואָס מאַניפּולירן מיט די סאָציאַליסטישע דאָגמען און פּרינציפּן.

מיר באַקומען גרוסן פון דער אַקציע פאַר דער אידישער איניקייט, וואָס ווערט געפירט פון דעם „קאָמיטעט פון אידישע שרייבער, קינסט־לער און וויסנשאַפטלער", וואָס איז באַם לעבן פון דר. חיים זשיט־לאָווסקי געווען אונטער זיין פּאָרזיץ און איצט געפינט ער זיך אונטער דער פּאָרזיץ פון שלום אַש. אין דעם אָרגאַן, וואָס דער קאָמיטעט גיט ארויס מיט דעם נאָמען „איניקייט", באַגעגענען מיר ביטערע ווערטער אויפן חשבון פון די דערמאָנטע שטערער, וואָס זייער שטערונגס־אַר־בעט איז אויף דער האַנט פון די אידישע שונאים, אין אַמעריקע גופא ווי אויף דער האַנט פון דעם הויפּט־שונא פונעם אידישן פאָלק. כדי צו שטערן די אַרבעט פון דעם קאָמיטעט, האָט די דערמאָנטע גרופּע בראש מיט דעם „פאָרווערטס", וואָס פּאַטראָניזירט זי, אונטערגענו־מען א ווילדע העצע קעגן דעם פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, דעם גרעס־טן פון די אידישע שריפטשטעלער אין אַמעריקע, שלום אַש, פאַרשריי־ענדיק אים פאַר א משומד צוליב זיינע ווערק, אין וועלכע ער שטרייכט אונטער אַז די מערב־ציוויליזאַציע האָט אַדאָפּטירט דעם אידעאַל פון די אידישע נביאים דורך דעם קריסטנטום און מאַכט דעריבער פאַר־אַנטוואָרטלעך די קריסטן פאַר די דאָזיקע אידעאַלן און פאַר דעם אידנטום.

כאראקטעריסטיש איז, אז גראָד די פרומע טייל פון אידנטום, אָרטאָדאָקסישע רבנים, פארשטייען אויסגעצייכנט די כוונה פון שלום אש. זיי נעמען אויף זיינע ווערק ווי א ווירדיקן ענטפער אויף דער נאציסטישער פילאָזאָפיע, וואָס שטעלט ארויס דעם קריסטנטום אלס „אידישע מאכערייקע״ און וויל דערמיט פסלנען סיי דעם קריסטנטום און סיי דעם אידנטום, וואָס האָבן אין משך פון יאָרהונדערטן אונטער־געהאלטן דאָס פייער פונעם סאָציאלן יושר, ביז ער האָט באקומען זיין פארקערפערונג אינעם סאָציאליזם.

# דער וועג פון דער אידישער איינִיקייט

אין מיין ארטיקל „די איינִיקייטס־באוועגונג אינעם אידישן פאָלק״, האָב איך שוין אָנגעוויזן אויף די שטערונגען, וואָס די באווע־גונג האָט אָנגעטראָפן אויף איר וועג, זינט זי איז אויפגעקומען. אין דער געשטאַלט פון דעם קאַמף קעגן דעם פאַשיזם און אנטיסעמיטיזם און האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעם געביט פון פאַרטיידיקן און באַ־פעסטיקן די אידישע קולטור מיט דער גרינדונג פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־פאַרבאַנד אין פּאַריז.

די באַשײַנפּערלעכע נויטווענדיקייט פון אַט דער פאַראייניקונג צום קאַמף פאַר דעם פיזישן און גייסטיקן אויפהאַלט פון דעם אידישן לעבן אויף גאָר דער וועלט, איז אַזוי קלאָר געווען פון אָנהויב אָן, אַז דער געדאַנק האָט ביי קיין איין סעקטאָר פון דער אידישער געזעלשאַפט־לעכקייט כמעט נישט ארויסגערופן קיין קעגנערשאַפט. ערשט נאָכדעם, ווען מען איז פון געדאַנק אריבערגעגאַנגען צו טאַט, צו פאַרווירקלע־כונג, צו געבן דער פאַראייניקונג א פאָרם, האָבן זיך פון אים אָפּגעריסן די, וואָס איצט האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין די באַקעמפער זיינע.

אין די דיסקוסיעס, וואָס האָבן זיך פאַרפירט ארום דעם ענין, ערב דער גרינדונג פון דעם אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־פאַרבאַנד, צווישן די קעגנער און די אָנהענגער זיינע, למשל, וועט מען אומזיסט זוכן איין ארגומענט קעגן, וואָס זאָל האָבן א פּרינציפּיעלע באַדייטונג; אַלע זיינע קעגנער האָבן זיך באַצויגן אויף טעכנישע מאָטיוון: דאָס

אָרט פונעם צוזאַמענקום, פּאַריז, איז זיי נישט געפעלן און ענלעכע תירוצים.

אויך איצט, ווען דער געדאַנק פון דער אייניקייט האָט פאַר זיך די שרעקלעכע לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר דעם אידישן פאָלק אין דער מלחמה און די וויזיע פון דער נאָכמלחמהדיקער וועלט, וואו אין דעם אלגעמיינעם כאַאָס און געראַנגל פון די פעלקער פאַר זייער אויפריכטונג, וועט גויטיק זיין דער געמיינזאַמער כוח פונעם גאַנצן אידי־שן פאָלק, דערוועגן זיך נישט די קעגנער פון דעם אייניקייטס געדאַנק ארויסצוקומען מיט פּרינציפּיעלע ארגומענטן. און דאָך, האָבן מיר איצט, דער עיקר אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אינעם גרעסטן פון די אידישע ישובים, וואו די נאָכמלחמה־פראַגן שטייען אויפן טאָג-אָרדענונג, אויס־געקריסטאַליזירט צוויי שאַרף פונאַנדערגעטיילטע שטרעמונגען, וואָס מען קען זיי אָנרופן פּרינציפּיעלע, אין שייכות צו די דערמאָנטע פראַגן.

דער פּרינציפּ וואָס צעטיילט זיי, איז דער אידיש-נאַציאָנאַלער. פון איין זייט שטייען די וואָס אָנערקענען די אַלוועלטלעכע איינהייט פונעם אידישן פאָלק, ריכטיקער, זיי שטייען פאַר אָט דער איינהייט ווי פאַר אַ פאַקט, און דעריבער זוכן זיי די אַלגעמיינע אָנשטרענגונג פונעם פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט צוליב דער לייזונג פון זיינע פּראָבלעמען, די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע, און פון דער אַנדער זייט שטייען די פאַרניינער, די לייקענער פון דער אַלוועלטלעכער נאַציאָ־נאַלער אידישער איינהייט, וועלכע זוכן דעריבער אויסצומיידן יעדע אַקציע, וואָס קען ווארפן אויף זיי אַ חשד פון אַזאַ איינהייט.

קאָנקרעט: פון איין זייט שטייען די ציוניסטן, וואָס האָבן גע־שאַפן, צוליב דער לייזונג פון די אַלגעמיינע אידישע פּראָבלעמען אין דער צייט פון דער וועלט מלחמה און נאָך איר, דעם א י ד י ש ן וו ע ל ט ־ ק אָ נ ג ר ע ס, און צוזאַמען מיט די עלעמענטן, וואָס גרופּירן זיך ארום דער אייניקייטס באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע מיט שלום אַש אין דער שפּיץ און מיט דעם סאָוועטישן אידנטום, אָן דער שפּיץ מיט זיינע קינסטלער און קעמפער. פון דער אַנדער זייט — די נאָרד־אַמעריקאַנער יאַהודים, וועלכע האָבן מורא, אַז זייער אָפיציעלער באַקענען זיך צו אידישן פאָלק, וועט ווארפן אַ חשד אויף זייער אמע־

ריקאנישן פאטריאָטיזם און זיי באהאלטן אוים זייער אידישקייט אין דער רעליגיעזער סאָלידאריטעט און צוזאמען מיט זיי די „פארטרעטער פון פוילישן „בונד" אין די פאראייניקטע שטאטן", אלטע קעגנער פון דער אידישער אלוועלטלעכקייט און פון יעדן שטאטלעכן געדאנק ביי אידן.

קוקט מען זיך צו צו דער פאָלעמיק, וואס ווערט געפירט צווישן די צוויי ריכטונגען אין דער נאָרד־אמעריקאנישער אידישער פרעסע, ווי צו זייער אקטואציע, זעט מען דעריבער, ווי די ערשטע פון די ריכ־טונגען זוכט אויסצוברייטערן וואס מער דעם ווירקונגס-קרייז פון איר אקטיווויטעט און פון איר אָרגאניזאציע. זי האָט געשאפן, למשל, ספע־ציעל דורך דעם פאלעסטינישן ישוב, א פארבינדונג מיט דעם סאָוועט־טישן אידנטום, דעם צווייטן לויט זיין גרויס נאָך דעם נאָרד־אמערי־קאנישן, וועלכער פירט פון זיין זייט אן ענלעכע באוועגונג צוליב די זעלבע צילן און האָט צוליב דעם געשיקט זיינע שליחים צום אידנטום פון די פאראייניקטע שטאטן, מעקסיקע א"א אמעריקאנער לענדער.

דער ציוניסטישער אָרגאן פון אָט דער ריכטונג, דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, שטיצט זיין טעטיקייט, וועלכע איז אין גרונד דורכויס א פאָליטישע, אויף דער אָרגאניזירטער אידישער געזעלשאפטלעכקייט, אומעטום וואו ער אנטוויקלט אזעלכע; די נישט ציוניסטישע עלעמענטן וואס האבן זיך געשטעלט אויף דעם שטאנדפונקט, צוליב דעם קאמף קעגן דעם פאשיזם און אנטיסעמיטיזם, ווי צוליב דעם אויפהאלט פון דעם פיזישן און גייסטיקן לעבן פון די אידן בכלל, האָבן אויפגעגעבן זייער אנטיציוניסטישע פאָלעמיק און טייל גייען נאָך ווייטער, זיי אָנערקענען די רעכטן פון דעם אידישן ישוב אין פאלעסטינע אויף שטאטלעכער פארוואלטונג און זיינען גרייט צו שטיצן אָט די פאָדע־רונג ביים פרידנסטיש מיט דעם גאנצן כוח, וואס זיי האָבן אלס טייל פונעם אידישן פאָלק און אלס בירגער פון זייערע לענדער.

די אנדערע ריכטונג, פארקערט, זוכט איר טעטיקייט וואס מער צו פארשמעלערן; ערשטנס, זוכט זי, אוועקצונעמען פון איר יעדן פאָלי־טישן כאראקטער; זיי רעדוצירן זי דורכויס צו הילפס ארבעט. אזוי די יאהודים, דורך דעם „דזשאָינט" און זיין „דזשוּאיש קאָמיטי" און אזוי

דער „אידישער ארבעטער קאמיטעט", דער טעטיקייטס ארגאן פון די „בונד"-פארטרעטער אין אמעריקע. דעריבער טאקע מיידן זיי אויך אוים אין זייער טעטיקייט יעדע בארירונג מיט דער ארגאניזירטער אידישער געזעלשאפטלעכקייט און לאזן זי איבער פאר די „קאמיטע-טן", פאר די פארטרעטער, וואס פארטרעטן נישט עקזיסטירנדיקע אדער היפאטעטישע ארגאניזאציעס.

כאראקטעריסטיש איז, אז כאטש די פארטרעטער פון „בונד" אין די פאראייניקטע שטאטן, זיינען ענג פארבונדן מיט דעם „דזשאינט", אלס זיינע אנגעשטעלטע און אפילו אנפירער און שטיצן זיך אפילו אינטים איינע די צווייטע, איז פארמעל צווישן זיי קיין שייכות נישטא. אויך דאס ווערט געטון כדי צו פארווישן יעדן פאליטישן כאראקטער פון זייערע באציאונגען. זאגן אז זיי זיינען אפאליטיש, קען מען נים, נאר געטריי צו דער מורא פאר דער אידישער אלוועלטלעכקייט און דער שנאה צו יעדער טעטיקייט, וואס קען אויסזען ווי אידישע וועלט-פאליטיק, פירט יעדע גרופע איר באזונדערע פאליטיק, יעדער איד זיין פאליטיק ביי זיין פריץ, ביי זיין מלכות.

מען קען, אויב מען וויל, אין אט דער אויסגעקריסטאליזירטער חלוקי-דעות בנוגע דעם רעאגירן אויף דעם נאכמלחמהדיקן אידישן לעבן, זען אויך די נישט ארויסגעזאגטע פרינציפן, וואס זיינען באַ-האלטן אין דער געאייניקטער אקציע קעגן דעם פאשיזם און אנטי-סעמיטיזם פון פאר דער מלחמה און אין דער ארגאניזאציע פון דער אלוועלטלעכער אידישער קולטור צוליב איר פארטיידיקונג און באפעס-טיקונג. עס איז די מורא איינצושטעלן די אנגעווארימטע לאקאלע פאָ-זיציע צוליב דער אלגעמיינער זאך פון דעם גאנצן אידישן פאלק. א מורא, וואס פירט צו פאליטישער קורצזיכטיקייט און באשרענקטקייט און צו אלע טרויעריקע קאנסעקווענצן זייערע.

דא גייט אונדז אבער נישט אין דערקלערן די סיבות פון א פריערדיקער אנטי-אייניקייטס פאליטיק, נאר פון א איצטיקער, וואס אירע קאנסעקווענצן קענען זיין נישט ווייניקער טרויעריק אדער נאך טרויעריקער.

מיר געפינען זיך איצט אין אן אנטשיידנדיקן מאמענט אין דער

וועלט-פּאָליטיק, ווען די געשעענישן צייטיקן אויס קאַרדינאַלע ענדע-רונגען אין דעם לעבן פון די פעלקער צווישן וועלכע אידן לעבן, און די באַציאונגען צווישן די פעלקער, זיי צייטיקן אויס נייע רעכט־באַ־גריפן, נאַציאָנאַלע, ווי אינטערנאַציאָנאַלע. יעדע פאַרגליווערטקייט און אומבאַוועגלעכקייט פון געדאַנק ביים אָפּשאַצן די געשאַפענע לאַגע, יעדע קורצזיכטיקייט און באַשרענקטקייט, וואָס האָט אַלס איר גרונט אַלטע פאַרגאַנגענע באַדינגונגען און באַציאונגען, קען זיין קאַטאַסטראָ־פאַל פאַר די אידישע מאַסן, פאַר זייער רעכטלעכער לאַגע, וואָס זאָל זיך אָפּרופן אויף זייערע עקאָנאָמישע און קולטור־פּאָזיציעס.

די נאָכמילחמהדיקע וועלט וועט פול זיין מיט די „בלומען פון בייז", וואָס זיינען פאַרזייט געוואָרן אין די אָנדערטהאַלבן צענדליק יאָר פאַר איר, אין איראָפּע, ווי אין אַמעריקע. בכדי זיי אויסצוראָטן, קעגנווירקן זייער שעדלעכער ווירקונג לרעה פון דעם אידישן רעכט אין איינעם אָדער אין אַ צווייטן לאַנד, מוז באַצייטנס געשאַפן ווערן דער אַלגעמיינער אידישער כוח. אונדזער ביז איצטיק אומגליק איז געווען וואָס אידן האָבן אַזאַ כוח נישט געהאַט און דער געשריי פון די אַנ־טיסעמיטן מכוח דעם אינטערנאַציאָנאַלן אידישן כוח איז געווען אַ בילבול. וואָלטן מיר באמת אַזאַ כוח געהאַט, וואָלט ער באַטראַכט גע־ווען פאַר גאַנץ נאַטירלעך און נויטווענדיק און די בילבול-מאַכער וואָל-טן גאָר קיין כוח נישט געהאַט צו מאַכן זייערע בילבולים.

נאָך דער מלחמה, ווי נאָך אַ מבול וואָס האָט פאַרטרונקען די אי-דישע ישובים און אָפּגעווישט זייער עקזיסטענץ, וועלן זיי ווידער אויפ־געבויט ווערן. שוין זעען מיר דאָס אין די אוקראַיינישע געגנטן, וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פונעם שונא און דאָס אייגענע וועט געשען מיט די ווייס־רוסישע און מיט די פוילישע. מיר וועלן זיכער נישט בכוח זיין בייצוטראָגן אין דער פולער מאָס צו זייער עקאָנאָמישער אויפריכטונג און דאָס וועט זיין די אַרבעט פון דער אַלגעמיינער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר הילף מאָנען מיר; אָבער די קולטורעלע אויפ־ריכטונג פון די ישובים, וועט מוזן זיין די אַרבעט פון אונדז אַלעמען, פון אונדזער אַלעמענס אָנשטרענגונג.

קען דאָס אַלץ נעמען אויף זיך אַ „קאָמיטעט" פון איינער אַ אי־

דישער פּאַרטיי, וואָס באַשרענקט איר עקזיסטענץ אויף בלויז איין לאַנד און לייקנט אַליין איר רעכט צו רעדן אינעם נאָמען פון די אידן אין אַנדערע לענדער? אָדער קען רעדן אין זייער נאָמען און פאָדערן פאַר זיי נאַציאָנאַלע רעכטן, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע, אָן אָרגאַניזאַציע, וואָס לייקנט איר נאַציאָנאַלן מהות און באַרעכטיקט זיך בלויז מיט רעליגיעזער סאָלידאַריטעט און וויטן אָפּשטאַם? אָבער, נישט נאָר קענען זיי דאָס נישט מחמת אָרגאַניזאַציאָנעלער באַשרענקטקייט און יורידישער מאַכטלאָזיקייט, נאָר מחמת עס פעלט זיי די וויזיע, דער געדאַנק און דער ווילן פאַר אַ טעטיקייט פון אַזאַ פאָרעם.

אין אונדזער נאַציאָנאַלער אידישע וויזיע זעען מיר אין דער נאָכמלחמהדיקער וועלט אַ מעגלעכקייט נישט בלויז פאַר ווייטערדיקן אידישן געדייען אונטער דעם חסד פון דעם אָדער יענעם ליבעראַלן פּריץ אָדער אַפילו ליבעראַלער שריפט, וואָס האָט די ווערט פון אַ „שטיקל פּאַפּיר", ווען דער פּריץ ווערט בייז און אומטאָלעראַנט. מיר זעען די מעגלעכקייט, מחמת דער שאַרפער נויטווענדיקייט, פון אַ ראַדיקאַל איבערגעבויט אידיש לעבן אויף דער באַזע פון דעם אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן איבערבוי, וואָס ער גופא, דער אַלגעמיינער איבערגעבויטער לעבן, זאָל זיין די גאַראַנטיע פאַר דעם רעכט פון די אידישע מאַסן אויף אַרבעט, אויף קולטור, אויף זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַזאַ איבערגעבויט לעבן, וואו קיין שום אַנטיסעמיטיזם, נישט דער פריצישער און נישט דער אונטערוועלטישער, האָבן אַ באָדן.

מיר מיינען, אַז אויב די איצטיקע מלחמה קעגן דעם פאַשיזם וועט נישט האָבן געפירט די פעלקער צו אַזאַ איבערבוי, וואו עס זאָל מער נישט מעגלעך זיין די אַנטיסעמיטישע דעמאַגאָגיע, וועט זי נישט האָבן באַרעכטיקט די צענדליקער מיליאָנען קרבנות וואָס זי האָט געקאָסט און דעם אומדערשאַצלעכן חורבן וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט, און עס וועט נישט האָבן קיין תיקון דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון די מיליאָנען אידן אין די אויסראָטונגס לאַגערן פון דייטשלאַנד און פּוילן, אין די יאַרן פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, און דער גאַנצער ליידנס וועג, דער אידישער, אונטער די נירנבערגער געזעצן, וואָס זיינען אויס-

געשפּרייט געוואָרן איבער דער גאַנצער אָקופּירטער אייראָפּע און באַ־קומען זייער אָפּקלאַנג אויך אין אַמעריקע.

די מענטשן וואָס גרופּירן זיך אַרום דעם צווילינג „דזשואיש קאָ־מיטי" און „אידישער אַרבעטער קאָמיטעט" האָבן דערצו קיין השגות נישט. ווי פאַרשידן עס איז זייער סאָציאַלע פּאָזיציע, פאַרייניקט זיי ביידן איין זאַך: די מורא פאַר דאָס אוועקגיין פון די אַלטע אומשטענדן, אין וועלכע זיי האָבן זיך איינגעוואָרימט; די ערשטע אַלס טייל פון דער אַמעריקאַנישער געלט-מאַכט און די צווייטע אַלס דער אַריעגאַרד פון דעם שליאַכעטסקע פּוילן.

די פיל געליטענע אידישע מאַסן, פאַרבליבענע פון די אייראָפּעאי־שע שחיטות און די פון אַמעריקע, וואָס טראָגן אין זיך דעם פּיין פון זייערע ברידער אין אייראָפּע, ווייסן נישט און ווילן נישט וויסן פון אַזעלכע חשבונות און דעריבער זוכן זיי זייער וועג אין דער אייניקייט, וואָס אירע השגות זיינען: דער איבערבוי פונעם אידישן לעבן אויפן גרונד פון דעם אַלגעמיינעם איבערבוי און שטיצט זיך אויף די ברייטע פאָלקס שיכטן אין אַלע לענדער. וואָרום דאָס איז דער וועג וואָס פירט צום אָפּשאַפן רעכטלאָזיקייט און האַס צווישן די פעלקער.

יוני 1944.

# די אייניקייט אַרום די אידישע פאָדערונגען צו דער וועלט

אין אָנבליק פון דעם מעכטיקן שונא, וואָס האָט געמאַכט פון דער אידישער אויסראָטונג און — וואו דאָס איז נישט מעגלעך — אידישער פאַרפאָלגונג און אונטערדריקונג, רעכט-באַרויבונג און קולטור־דעגראַדאַציע, איינעם פון זיינע העכסטע אויפגאַבן און איינזעענדיק, אַז אָט דער מעכטיקער שונא — וואָס איז ביז איצט אויפגעטראָטן אויף דער וועלט־אַרענע אַלס געאייניקטער כוח, אין זיין צענטער ווי אין זיין פעריפעריע, וואָס איז אַזוי גרויס ווי די וועלט — כאָטש אַ צעקלאַפּטער און ווייל אַ צעקלאַפּטער, וועלן זיינע רעשטן, טיף איינגעגראָבענע אינעם קערפּער פון דער געזעלשאַפט, אַפילו אין פאָרגעשריטענע לענדער, נישט אויפהערן ווירקן, און אפשר נאָך מיט מער פאַרביסנקייט אויסלאָזן זייער כעס צו דער אידישער באַפעלקערונג און עס וועט זיך דעריבער נויטיקן אַ פעסטע אידישע סאָלידאַרישע אַקציע אין יעדן פון די לענדער און אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב כדי צו פאַרטיידיקן דאָס רעכט פון די אידן אויף לעבן און אַרבעט, דאָס רעכט אויף אונדזער קולטור און געזעלשאַפטלעכקייט, איז אויפגעקומען דער געדאַנק פון אייניקייט צווישן אַלע שיכטן פונעם אידישן פאָלק און אין אַלע לענדער וואו אידן וואוינען.

אין דער זעלבער צייט שטייט פאַר יעדן אידן דאָס בילד פון אומבאַשרייבלעכן חורבן, וואָס דער שונא האָט געבראַכט אויף די אידישע ישובים פון גאַנץ אייראָפּע. זייערע באַוואוינער אויסגעשאָכטן, אויסגעשטיקט אין גאַז־קאַמערן, פאַרברענט אין די שילן, צעלאָפּן אין די וועלדער, איבער אַלע עקן־וועלט, אַלס פּליטים, וועמען עס איז געלונגען.

עס וועט פאַרטריבן ווערן דער שונא, ער איז שווין פון אַ גרויסער צאָל געוועזענע אידישע ישובים פאַרטריבן געוואָרן. פאַרברענטע אידן, אויס־באַהאַלטענע אין די דערפער, אין די וועלדער, אידן פון די פּאַרטיזאַנער־אַפּטיילונגען, קומען צוריק צו זייערע חרובע היימען. אויף די חורבות און אויף דעם אַש מוזן זיי ווידער אויפבויען זייער לעבן, נישט נאָר חיונה פאַר זיך באַזאָרגן, נאָר אויך זייער געזעלשאַפטלעך און גייסטיק לעבן, וואָס גיט דעם מענטשן זיין מענטשלעכן ציוויליזירטן און קולטורעלן פּנים. און יעדער איד, צו וועלכן שיכט פונעם אידישן פאָלק ער זאָל זיך נישט צורעכענען און וועלכע אידייען, אוניווערסאַלע אָדער נאַציאָנאַלע, עס זאָלן אים נישט באַהערשן, פילט אויף זיך דעם חוב צוצולייגן אַ האַנט צו דער אויפריכטונג פון יענע לעבנגעבליבענע, צו יענעם רעשט פון די קרבנות אויף דעם מזבח פון דער שנאה צום גאַנצן אידישן פאָלק, העלפן זיי אויפבויען זייערע היימען, זייער געזעלשאַפטלעך און גייסטיק לעבן. און נישט נאָר ווייל יעדער איד העלפן, נאָר ער וויל אויך, אַלס דענקנדיקער און געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירטער מענטש, אַז די הילף זיינע זאָל זיין אַ ווירקזאַמע, נישט נאָר אַ בויענדיקע, אַן אויפבויענדיקע נאָר אויך אַן איבערבויענדיקע, ווייל ער טראָגט אויף זיך די אחריות נישט נאָר פאַר יעדן אידן באַזונדער, נאָר אויך פאַר דעם אידישן פאָלק און פאַר זיין צוקונפט און פאַר דער גרונט-אידייע פון זיין נאַציאָנאַלן אויפלעב: דער איבערבוי. דער איד וויל זיין פאַרטראָטן אין דעם אויפבוי פונעם אידישן חורבן **געזעלשאַפטלעך** און דערצו אויך צילט דער אויפגעקומענער איינזייטס געדאַנק.

צעקלאַפּט איז דער שונא, פון דער מענטשהייט און פונעם אידישן פאָלק בפרט, ער האָט נישט מער קיין כוח ווידערצושטיין דעם אַנדרוק פון די כוחות וואָס האָבן זיך קעגן אים פאַרייניקט און ער גיט זיך אונטער.. ער בלייבט אָבער אַ ווירקנדיקער כוח אין דער וועלט, אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, ווי מיר האָבן עס אויבן אָנגעוויזן. און דער געדאַנק און די טאַט פון דער מענטשהייט, ווי די זאָרג פון די פעלקער, וואָס האָבן געליטן פונעם פינצטערן כוח, איז געווענדעט צו באַוואָרענען זיך פון אַ נייער באַמעכטיקונג זיינער און פון אַ נייעם אָנגריף

אויף זיי, זיי צו פארשקלאפן און צו פארפינצטערן. עס ווערט געשאפן דעריבער די אלוועלטלעכע ארגאניזאציע פאר דער פארטיידיקונג און שוץ פון פעלקער, פון דעם מענטשן־רעכט און פון דעם פעלקער־רעכט. איז ווי אזוי זאל אין דער וועלט־ארגאניזאציע פארטיידיקט ווערן דאס רעכט פונעם אידישן פאלק? און נישט נאר זיין רעכט, נאר טאקע זיין לעבן, וואס איז אין פארשידענע לענדער אויסגעשטעלט אויף דעם ווילקיר פון די באמעכטיקטע? און עס זאגט אונדז אונטער דער אויפגעקומענער אייניקייטס געדאנק, אז די אידישע סאלידאריש ע אקציע, אין יעדן לאנד באזונדער און אין אלוועלטלעכן מאסשטאב, די אידישע סאלידאריטעט, וואס מיר האבן אויבן אנגעוויזן אויף איר נויטווענדיקייט, זאל באקומען אן ארגאניזירטן אויסדרוק אין דער פארם פון א אידישער וועלט־ארגאניזאציע, אין וועלכער עס זאלן זיין פארטראטן אלע אידישע שיכטן און זייערע געזעלשאפטלעכע אידייאישע ארגאניזאציעס. און אט די אידישע וועלט־ארגאניזאציע זאל האבן די פולמאכט צו האנדלען ביי דער אלגעמיינער פעלקער־ארגאניזאציע אינעם נאמען פונעם אידישן פאלק צוליב זיין שוץ און פארטיידיקונג.

דא אבער קומען אזוי גערופענע קלאץ־קשיות: ווי אזוי איז עס מעגלעך די אייניקייט פון פארשידענע געזעלשאפטלעכע און אידייאישע ארגאניזאציעס, וואס פירן צווישן זיך א שטענדיקן קאמף זינט זייער גרינדונג און עקזיסטענץ און זיינען דער אויסדרוק פון באוועגונגען, אויפגעקומענע אויף דער באזע פון דיאמעטראל־קעגנגעזעצטע אינטערעסן, וואס האבן אויסגעארבעט ביי זייערע אנהענגער א מענטאליטעט, וואס פירט אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען, און נישט נאר קלאץ־קשיות ווערן געשטעלט, נאר קלעצער ווערן געשטעלט אין די רעדער פון די באמיאונגען, וואס ווערן געמאכט אין דער ריכטונג פון אט דער אייניקייט, פון שאפן די אידישע סאלידארישע אקציע און איר ארגאניזאציע צוליב די פריער אויסגערעכנטע ציל.

אין מיינע פריערדיקע ארטיקלען אויף דער דאזיקער טעמע, האב איך שוין אנגעוויזן אויף די שטערונגען, וואס ווערן געמאכט דער אייניקייט אינערהאלב דער אידישער געמיינשאפט. די הויפט־שטערונג

זעען מיר נישט אין די מאסן פונעם פאָלק, וואָס באַגרייפן מיט זייער געזונטן חוש די נויטווענדיקייט פון דער געאייניקטער אַקציע צוליב דער זעלבסטפאַרטיידיקונג קעגן די שונאים, צוליב דעם אויפבוי פו־נעם חורבן און צוליב דער פאַרזיכערונג פון אַ רעכטלעך נאַציאָנאַל אי־דיש לעבן אין די לענדער וואו אידן וואוינען. מיר זעען זי איבערהויפּט צווישן די פירער אָדער פונקציאָנאַרן פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן מורא צו פאַרלירן זייערע פּאָזיציעס אָדער, אַז די אייניקייט וועט שאַפן אַ פּגימה אין דער יאָרנלאַנג קולטיווירטער מענטאַליטעט פון זייערע געפירטע.

די שטאַרקסטע אָפּאָזיציע האָט דער אייניקייטס געדאַנק אָנגעטראָפן אין דעם אַנטיציוניסטישן לאַגער. ווי מיר האָבן עס שוין אָנגעוויזן, האָבן די פאַרטרעטער פונעם פּוילישן „בונד" אין אַמעריקע, אין זייער אַנטיציוניזם, זיך געשטעלט צום דינסט פונעם „דזשואיש אַמעריקען קאָמיטעט", אַן אָרגאַניזאַציע פון יאהודים, וואָס האָבן מורא צו קומען אין באַרירונג מיט די ציוניסטן כדי מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין אַמעריקאַנער אומפּאַטריאָטישקייט. די בונדישע פאַרטרעטער האָבן צו זייער אַנטיציוניסטישער מענטאַליטעט געבראַכט אַ קרבן זייער קלאַסן-באַוואוסטזיין אָדער קלאַסן־אינטערעסן, אויף וויפל זיי זיינען נאָך ביי זיי פאַרבליבן. זיי זיינען אָבער נישט גרייט צו ברענגען וועלכן עס איז קרבן פאַר דעם געמיינזאַמען קאַמף קעגן דעם אידישן שונא. אַגב, האָבן זיי אָט דעם באַוואוסטזיין און די אינטערעסן מקריב גע־ווען אויך אויפן מזבח פון אַ צווייטער שנאה זייערער, חברנדיק זיך און שטיצנדיק די פּוילישע שליאַכטע, דעם אבי הטומאה פון דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם.

נאָר לאָמיר נישט אַראָפּ פון אונדזער טעמע. נישט פון קרבנות רעדט זיך דאָ. קיינער דאַרף נישט מקריב זיין פון זיינע איבערציי־גונגען דאָס מינדסטע פאַר דער אייניקייט פונעם אידישן פאָלק צוליב זיין רעטונג און פאַרטיידיקונג און צוליב דעם אויפבוי פון דעם אי־דישן חורבן. נויטיק איז דערצו נאָר פאַרשטענדעניש און גוטער ווילן. און די פאַרשטענדעניש און דער גוטער ווילן הייסן אונדז מ א כ ן אַ ח י ל ו ק צ ו ו י ש ן צ י ו נ י ז ם און צ י ו נ י ס ט י ש ע

פ אָ ד ע ר ו נ ג ע ן. ריכטיקער געזאָגט, צווישן דער ציוניסטישער מענטאַליטעט און די גערעכטע מענטשלעכע און אידישע פאָדערונגען, וואָס די ציוניסטן שטעלן ארויס צו דער וועלט, צו די מאַכטן, וואָס אין זייערע הענט ליגט דער הויפּט-כוח וואָס קען זיכערן אונדזער לעבן און אונדזערע רעכטן. דאָס אייגענע קען געזאָגט ווערן מכוח דעם „בונד" און צו די גערעכטע בונדישע פאָדערונגען צו דער וועלט, צו דער אַל-וועלטלעכער פעלקער־אָרגאַניזאַציע.

ווען די ציוניסטישע מענטאַליטעט, למשל, הייסט אונדז אַנטלויפן פון די לענדער, וואו מיר האָבן אָנגעלעבט אונדזער קולטור אין דער אידישער שפּראַך, כדי אָפּצושניידן מיט אָט דער קולטור און איינשאַפן זיך „עקס מאַקינאַ" אַ נייע, אין דער פאַרגעסענער העברעישער שפּראַך, באַטראַכטן מיר דאָס אַלס אַבסורד, אַלס בטלנות, און ווען דאָס ווערט נאָך געפאָדערט פון אונדז אויסער פאַלעסטינע, באַטראַכטן מיר דאָס פשוט אַלס פאַרברעכן קעגן דעם קיום פונעם אידישן פאָלק, אַלס ארבעט פון אייגנטלעכע אַסימילאַנטן. ווען די ציוניסטישע מענטאַליטעט הייסט אונדז פאַרלאָזן אונדזערע היימען, שרעקנדיק אונדז מיט „דער אייביקער שנאה צום אידישן פאָלק", מיט שטענדיקע פאָגראָמען, און הייסט אונדז זיך מיאש זיין פון אידישע רעכט אין „גלות", באַטראַכטן מיר זי ווי אַן אומדירעקטע שותפטע צום אַנטיסעמיטיזם, צו דער שרעקלעכער אומטאָלעראַנץ, וואָס ווערט קולטיווירט צווישן די פעלקער דורך זייערע אונטערדריקער, די שונאים פון דער מענטשהייט. ווען די ציוניסטישע מענטאַליטעט הייסט אונדז אַוועקגעבן אונדזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט דער בויאונג פון פאַלעסטינע און איגנאָרירן אונדזער אָרטיק אידיש לעבן, אונדזערע אָרטיקע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע פּאָזיציעס, שטויסן מיר זי אָפּ. ווען אָבער, די ציוניסטן פאָדערן דאָס רעכט פאַר אומגעשטערטער אידישער איינוואַנדערונג קיין פאַלעסטינע, איז די פאָדערונג אַ מענטשלעכע און אַ אידישע און מיר שטיצן זי מיט אַלע פיבערן פון אונדזער מענטשלעך און אידיש האַרץ און מיר פּראָטעסטירן מיט אונדזער גאַנצן מענטשלעכן און אידישן אייפער קעגן יעדן פּרואוו צו באַשרענקען די אימיגראַציע, ווי דאָס טוט דער ענגלישער „ווייסער בוך".



און עס איז אונדז אויך מענטשלעך און אידיש פארשטענדלעך ווען די ציוניסטן פאָדערן מלוכישע אָנערקענונג און רעכט פאר דעם פאַ־לעסטינער אידישן ישוב, וועלכער פירט פאַקטיש א מלוכיש לעבן און ווען מיר שטיצן אַט די פאָדערונג, דריקן מיר שוין אויס דערמיט אין דער זעלבער צייט אונדזער אָנערקענונג דער גרויסער אידישער אַר־בעט, וואָס איז דאָרט אויפגעטאָן געוואָרן און דעם מסירת נפש פון די פיאָנערן, זייער גרעניצלאָזן אידעאַליזם.

נאָר די אידישע אייניקייט שטעלט דאָך נישט אַרויס בלויז ציו־ניסטישע פאָדערונגען. זי שטעלט אַרויס פאָדערונגען אידישע: אויפבוי פונעם חורבן אומעטום, איבערבוי פון אידישן לעבן אומעטום, רעכט — אינדיווידועלע און מלוכישע, פאַר אונדזער וועלטלעך קולטור־לעבן, פאַר דעם אידישן רעליגיעזן לעבן אומעטום. און איז דען נישט דער געווינס פון די נישט-ציוניסטן, וואָס באַקומען דעם הסכם פון די ציוי-ניסטן צו זייערע אַלגעמיין-אידישע פאָדערונגען א סך גרעסער ווי זייערע הנחות וואָס זיי מאַכן דעם ציוניזם מיט דער אָנערקענונג פון דעם פאַקטישן אויפטו זייערן? נאָר ווידער דאָס אייגענע, עס גייט נישט אין פשרות און אויך נישט אין הנחות און עס איז דעריבער נישט שייך צו וועגן און מעסטן וואָס איין צד געווינט און וואָס דער צווייטער פארלירט. דער גורל פונעם אידישן פאָלק פאָדערט די סאָלי־דאַרישע אַקציע פון אַלע זיינע שיכטן און סעקטאָרן און דאָס איז גענוג.

וועגן קלאַסן-געווינסן ביי דער אָפּאָזיציע איז נישט שייך צו רעדן. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז ער שפּילט דערביי קיין ראָלע נישט ביי איר און וואָס שייך דעם אָביעקט פון דער סאָלידאַרישער אַקציע, דעם אידישן פאָלק, איז א האַלב פון אים אין אייראָפּע שוין אויסגע־גלייכט סאָציאַל מיט דער ערד צוגלייך און וואָס שייך זיין אַמעריקאַ-נישער טייל, רעדט צו אים דער געשפּענסט פון דעם אַלגעמיינעם אי־דישן גורל, נישט ווי צו א סאָציאַלער אָדער סאָציאַלע קאַטעגאָריעס, נאָר ווי צו א נאַציאָנאַלער איינהייט, וואָס שטייט אין געפאַר. ווען ווען, נאָר אין אונדזערע צייטן פארשטייט מען דאָס אויסגעצייכנט.

אויגוסט 1944.




# אידישע וועלט־פּאָליטיק און סאָלידאַרי־טעט מיט די אידישע קרבנות

זייט איייניקע וואָכן, אַז אין די בוענאָס־איירעסער קינאָ-הייזער האָט מען אָנגעהויבן ווייזן די בילדער-דאָקומענטן פון די נאַצישע גרויל־מעשים אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון מערב־דייטשלאַנד, דעם בעלזענער און דעם בוכענוואַלדער. קיינעם פאַלט נישט איין צו מיינען, אַז די קינאָ-הייזער האָבן זיך באַזאָרגט מיט די דאָזיקע ביל־דער כדי צו פאַרווייַלן די באַזוכער מיט שטאַרקע עמאָציעס, ווי, למשל, מיט די גרויל־פילמס פון פראַנקענשטיין אָדער צוליב דעם פשוטן אינ-טערעס פון אינפאָרמאַציע. פונקט ווי מיט די פילמס וועגן דעם נאַצישן סאַבאָטאַזש און שפּיאָנאַזש אין די פאַראייניקטע שטאַטן און פונקט ווי מיט די פילמס וועגן דעם אונטערערדישן קאַמף קעגן דעם אָקופּאַנט אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין פראַנקרייך, וואָס ווערן צוגעשטעלט פון די נאָרד־אַמעריקאַנישע קינאָ-אַגענטורן פאַר אַרגענטינע, איז מען מיט זיי אויסן צו פאַרשטאַרקן דעם אַנטינאַצישן סענטימענט ביי דער אַרגענטינישער באַפעלקערונג און וועקן באַוואונדערונג און סימפּאַטיע פאַר די קרבנות פון דעם נאַציזם און פאַר די אומדערשראָקענע קעמ־פער קעגן אים.

קוקנדיק אויף אַט די גרויל־בילדער פון די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערס, וואָס די מערסטע קרבנות זייערע זיינען אידן, כאָטש קיין איין אויפשריפט און קיין איין קאָמענטאַטאָר וואָס באַגלייט זיי, געפינט

נישט פאר נויטיק דאס אונטערצושטרייכן, איז מיר געקומען אויפן גע־דאנק די מאָדנע פראגע: איז עס א פּאָליטיק אזא צו פארשווייגן פאר דער ברייטער עפנטלעכקייט, וואס איר פארדאמונגס סענטימענט קעגן די נאציס און איר סימפּאַטיע צו די קרבנות עס ווערט געזוכט, אז די קרבנות זיינען אידן? און אויב א פּאָליטיק, איז וועמעס פּאָליטיק איז עס? איז עס די פּאָליטיק פון די נישט־אידן, וואס נוצן אויס דאס גרעסטע אידישע אומגליק אין דער געשיכטע, כדי צוצונעמען בלויז פאר זיך די גאנצע סימפּאַטיע און דעם גאנצן סאָלידאַריטעט־געפיל, וואס די נאצישע גרויל־מעשים רופן ארויס צו די קרבנות, אָדער איז די פּאָליטיק א אידישע? א קשיה אויף א מעשה, צי שטאמט זי נישט פון דער זאָרג, אז די נישט־אידישע וועלט זאָל נישט מאכן אזא טומל מיט אונדזער טראגעדיע און זאָל וואס ווייניקער האלטן דעם אידישן נאָמען אין מויל?

דער מין אידישע פּאָליטיק איז אַן אַלטע אידישע קראנקייט. אויף א באזונדער בוילעטן אופן האָבן מיר זי געזען טאקע אין די פאריניק־טע שטאַטן אַרום אַן ענלעכן ענין. בעת דעם אריינטרעטן פון די פאריי־ניקטע שטאַטן אין דער מלחמה מיט די אַקס־לענדער, האָט מען זיך דאָרט פּלוצים ארומגעזען, אז דאס לאנד איז פארפעסטעט מיט א גאנצער ריי „באוועגונגען", סאָציאַלע, רעליגיעזע און קולטורעלע, וואס צייכע־נען זיך אויס איינע פון דער צווייטער מיט דעם קאָליר פון די העמדער־לעך, וואס זייערע מיטגלידער טראָגן און מיט די בלומען, וואס זיי טראָגן אין די לאצן, נאָר אַלע האָבן זיי איין אַלגעמיינעם שטריך: זיי זיינען פראַנאַציש און אַנטיסעמיטיש. די ליבעראַלע נאָרד־אַמעריקאַ־נישע פרעסע האָט דעמאָלט אויפגעהויבן א געשריי, א קאַמף, א פאַ־דערונג איבערצוגעבן זיי צום געריכט. ווער זשע, מיינט איר, האָט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דער קאַמפּאַניע? ווער האָט זיך באַמיט צו מאכן דעם גאנצן ענין צו קליינגעלט? — אידן. און גראָד די איינ־פלוסרייכסטע אידן.

פאראַן איז אין האָליוואוד, ווי באַקאַנט, אזא קאָמיטעט, דער האיעס־קאָמיטעט, וואס האָט אויף זיך גענומען די הייליקע ארבעט בודק צו זיין די כשרות פון די פילמס וואס שייך מאָראַלישקייט, קעגן

איבערטריבענע סעקס־מאַטיוון. געווען איז אויך פאַר דער מלחמה אין נאָרד־אַמעריקע אַ קאָמיטעט וואָס האָט אויף זיך גענומען צו דענונ־סירן די לינקע באַוועגונג און אַ אידישער קאָמיטעט אין פאַראַן, וואָס זיין אַרבעט איז נישט צו דערלאָזן די אַמעריקאַנער צייטונגען דע־נונצירן די עקזיסטענץ פון אַנטיסעמיטיזם און באַקעמפן אים. צי דער קאָמיטעט איז אַ טייל פונעם באַרימטן „דזשואיש קאָמיטע" אָדער ער גופא איז עס, קען איך אייך נישט זאָגן. איז עס נישט מעגלעך, אַז אַזאַ קאָמיטעט זאָל אויף זיך אויך נעמען די אַרבעט נישט צו דערלאָזן די ברייטע וועלט זאָל זיך איבערצייגן אין די אַנטי־אידישע גרוילטאַטן פון די נאַציס?

די כוונה, נאַטירלעך, איז אַ גאַנץ פּרומע. זי שטאַמט פון דער איבערצייגונג, אַז די גאַנצע וועלט האָט אונדז פיינט, האָט פיינט אידן, און דעריבער איז גלייכער אידן זאָלן זיך וואָס ווייניקער וואַרפן אין די אויגן די נישט־אידן. אין לעבן טוען זיי טאַקע אַזוי: זיי רעדן נישט קיין אידיש, זיי לייענען נישט קיין אידישע צייטונג און קיין אי־דיש בוך, גייען נישט אין אידישן טעאַטער, ווייכן פון אידישע פּראָ־בלעמען און דעם אידישן גאָט אַפילו פוצן זיי אויס אַז ער זאָל אויס־זען וואָס ווייניקער אידיש. און דעריבער אויך, מיינען זיי, אַז מען דאַרף זיך נישט מאַכן וויסנדיק וועגן דער אַנטיסעמיטישער מגפה, מען דאַרף זיך פאַר איר דורכגנבענען, ווי מען גנבעט זיך דורך אַ דאָרף מיט בייזע הינט. און אויב די גאַנצע ניט־אידישע וועלט האָט פיינט אידן, וואָס זשע וועט מען פועלן מיט די בילדער, וואָס דאָקומענטירן די אידישע אויסראָטונג מצד די נאַציס, אויב נישט ווייזן זיי אַ ביי־שפּיל ווי נאָכצוטאָן היטלערן און אומברענגען די אידן, וואָס זיי האָבן צו דער האַנט?...

צום גליק, איז די צאָל פון דעם מין אידן, — ווי איינפלוסרייך זיי זיינען, מחמת זיי זיינען, עס די אַמעריקאַנער אידן מיט געלט — אַ קליינע. מיר דאָ האָבן נאָך ווייניקער אַזעלכע. די מערסטע אידן זיי־נען די וואָס, פאַרקערט, שרייען אויס זייער אידישקייט, סיי מיט זייער אידיש לעבן, קולטורעלן, סאָציאַלן און רעליגיעזן, און סיי מיט זייער אויסשרייען די אידישע פּראָבלעמען און זוכן פאַר זיי אַן אינ־טערנאַציאָנאַלע לייזונג. אין דער לעצטער צייט, ווען די וועלט האָט

אין איבערבויען זיך געאגראפיש, פאליטיש און סאציאל, איז די מא-ניפעסטאציע פון נאציאנאלער אידישקייט באזונדערס שטארק. כא-ראקטעריסטיש איז די גרויסע צאל אידישע דעלעגאציעס, וואס זיי-נען געקומען קיין סאן פראנציסקא ריידן אין נאמען פונעם אידישן פאלק. באזונדערס טעטיק זיינען געווען אין סאן פראנציסקא די ציוני-ניסטישע ריכטונגען און דאס איז גאנץ נאטירלעך.

מער פון אלע אנדערע ריכטונגען אינעם ציוניזם, איז טעטיק אויף דעם געביט פון מאניפעסטירן די אידישע פאדערונגען אלס פאלק, די גרופע, וואס האט ארויסגעבראכט די אידייע פון דעם „אידישן וועלט-קאנגרעס", וואס קעמפט פאר דער אידישער אייניקייט אדער „אינ-טעגראליטעט", ווי טייל האבן ליב דאס אנצורופן. אין די פאריייניקטע שטאטן האט די דאזיקע גרופע באמת ארויסגעוויזן א גרייטקייט צו שאפן אן אייניקייט ארום די אידישע פאדערונגען. זי האט געזוכט די מיטארבעט פון אלע ריכטונגען אינעם אידישן לעבן אויפן ארט און האט אפילו באוויזן אנצוקניפן באציאונגען מיט די פארשטייער פון דעם סאוועטישן אידנטום.

אמת, די הויפט-פאדערונג פון דעם אידישן וועלט-קאנגרעס איז די אידישע מלוכה אין פאלעסטינע און די מעגלעכקייט פאר אידי-שער איינוואנדערונג אין דעם איצט פארבאטענעם לאנד. אבער, בא-וויזן האבן אויך די אנפירער זיינע צו באגרייפן דעם גרויסן באטייט פון דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט מיט דעם געליטענעם אי-דישן פאלק, פון שאפן פאר אים די סימפאטיע, אין וועלכער ער נוי-טיקט זיך צו זיין אויפריכטונג. און אין דער ריכטונג, האט דער וועלט-קאנגרעס, צוזאמען מיט דעם אידישן אנטיפאשיסטישן קאמיטעט פון ראטנפארבאנד, מיט דער „אסיפת הנבחרים" אין פאלעסטינע און דער ארגאניזאציע פון די אידישע שריפטשטעלער, קינסטלער און וויסנ-שאפטלער אין נארד-אמעריקע, וואס גרופירן זיך ארום דער „אייני-קייט", אונטערגענומען א גראנדיעזע ארבעט פון זאמלען אין א „שווארצבוך" די דאקומענטן פון די נאצישע גרוילטאטן בנוגע די אידן און פון דער אנטיאידישער העצע פון די נאצים אין אלע לענ-דער. דאס בוך זאל איבערגעזעצט ווערן אין פארשיידענע שפראכן און

זאָל דינען אלס די אידישע אָנקלאגע פאר דער וועלט, די מאָנונג פון שטראָף פאר די שולדיקע און קאָמפּענסאציע און אויפריכטונג פאר די קרבנות.

מיר האלטן שוין נאָך דער מפּלה פון דעם היטלעריזם, מען גרייט זיך צום משפּט איבער די שולדיקע. און וואו איז די אידישע אָנקלאגע? וואו איז די אידישע דאָקומענטאציע, וואָס זאָל שאפן די פּיעטעט, ווי־ניקסטנס, פאר די מיליאָנען אידישע קרבנות, שוין אָפּגערעדט פון דער סאָלידאריטעט און דער סימפּאטיע צו דעם פאָלק, וואָס האָט אי־בער א דריטל פון זיינע נפשות פארלוירן, פארטיליקטע דורך דעם וועלט-רשע? אפשר ווייסט מען שוין עפּעס דערפון אין די פאראייניקטע שטאטן און אין אייראָפּע; ביי אונדז דאָ, וואו דער אידישער וועלט-קאָנגרעס האָט א ספּעציעלע אגענטור, וואו ער איז ביז גאָר טעטיק אין דער הילפס־ארבעט און האָט די הויפּט-דעה אין דער רעפּרעזענ־טאַנץ פונעם ארגענטינער אידנטום, ווי דאָס איז די „דאַיא", איז מצד דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס אפילו נישט דערמאָנט געוואָרן וועגן דער עקזיסטענץ פון אזא אונטערנעמונג, ווי דאָס „שוואַרצבוך" און שוין אוודאי נישט עפּעס געטאָן געוואָרן צו העלפן אים ארויסגעבן און פארשפּרייטן.

זאָל דאָס מיינען, אז וואָס שייך דער טעטיקייט אין ארגענטינע, שטייט דער אידישער וועלט־קאָנגרעס אויף דעם שטאנדפּונקט פון די אידן וועלכע ער באַקעמפט אזוי און דענקט ווי דער נאָרד־אמעריקאנער „דזשואיש קאָמיטע", אז אידן דארפן זיך דורכגנבענען דורך דער וועלט אומבאמערקט און מען דארף וואָס וויניקער ריידן וועגן די עוולות וואָס ווערן אונדז געטאָן און וואָס וויניקער פאָדערן אונדזער רעכט? אז מיר דארפן פארשווייגן אונדזער אומגליק און נישט מאָנען די מענטשלעכע סימפּאטיע און סאָלידאריטעט צום אידישן פאָלק?

די אידן אין ארגענטינע האָבן גראָד דערפארונגען פון ברייטער סימפּאטיע און סאָלידאריטעט, וואָס איז צו אונדז ארויסגעוויזן גע־וואָרן בעת דעם ערשטן וועלט־קריג און געווען איז עס א דאנק דעם וואָס מיר האָבן זי עפנטלעך געפאָדערט, עפנטלעך ביים ארגענטינישן

פאָלק, דורך א גאסן-זאמלונג פאר אונדזערע מלחמה־קרבנות. דער אי־דישער וועלט־קאָנגרעס, וואָס פּרעטענדירט אויף דער העגעמאָניע אין דער היגער הילפס ארבעט פאר די אידישע מלחמה געליטענע און האָט צוליב איר פארנאכלעסיקט זיינע הויפּט־אויפגאבן אלס אלוועלטלע־כע אידישע פּאָליטישע אָרגאַניזאציע, וואָלט זיך געמעגט פארטראכטן דערוויף.

דעצעמבער 1944.

# די אידישע שיכטן אין דער אידישער אייניקייט

די ארבעט פון עקאָנאָמישער, קולטורעלער — און פאר אלעמען, דרינגלעכער פיזישער — אויפריכטונג פון די לעבן געבליבענע אידן אין די לענדער, וואָס זיינען צעטראָטן געוואָרן פון דער נאצישער אָקופאציע, ווערט אלץ שווערער אָפּצוטיילן פון דעם קאמף פאר דעם אידישן רעכט און קעגן דעם אנטיסעמיטיזם, אומעטום וואו אידן וואוינען און פון דעם קאמף פאר דעם אידישן מלוכהשן רעכט אין פאלעסטינע, וואו אידן האָבן אויפגעבויט א פאקטישע נאציאָנאל־אידישע היים. עס ווערט אויך אלץ שווערער די ארבעט, ווי אויך דעם קאמף צו פירן מיט צעריסענע, נישט געאייניקטע כוחות.

אָט דער פאקט אליין איז מחייב צו דער אייניקייט פון אלע אידישע שיכטן אין די לענדער, וואו די ארבעט פון אידישער הילף און רעטונג און דער קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם און פאר דעם אידישן רעכט, דעם מענטשלעכן און דעם נאציאָנאלן — ווערן געפירט. דער זעלבער פאקט, וואָס מאכט נויטיק די אידישע אייניקייט אין די פארשיידענע לענדער, מאכט אויך נויטיק די אידישע אייניקייט אין אלוועלטלעכן מאסשטאב; נישט נאָר די אייניקייט צווישן די סאָציאלע טיילן פונעם אידישן פאָלק, נאָר אויך צווישן די טיילן, וואָס זיינען אָפּגעשיידט צווישן זיך געאָגראפיש און אין א געוויסן זין אויך קולטורעל.

דאָס איז גאַנץ פּשוט און פאַרשטענדלעך, איבערהויפּט ווען מען רעדט מיט די טערמינען פון נויטווענדיקייט און ווירקזאַמקייט. און אַזוי אויך מוז מען ריידן ווען מען איז אויסן די איינ̇יקייט צו דער־גרייכן. וואָרום, ווען פעלן דער איינ̇יקייטס־באַוועגונג אַט די על־מענטאַרע הנחות און אַרגומענטן, וועלן אויך פעלן דער איינ̇יקייט די יסודות פאַר איר קיום און פעסטקייט. דער אָביעקט פון דער איינ̇יקייט מוז זיין אַ קלאָרער און אַן עלעמענטאַר פּשוטער, כדי זייטיקע אָדער נישט וויכטיקע אַרגומענטן זאָלן נישט קענען אָפּווענדן די אויפמערק־זאַמקייט פון דעם עיקר.

מען טאָר קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פון אויג ביי אַ געאייניקטער אַרבעט, אַז די טיילן וואָס שטעלן צוזאַמען די איינ̇יקייט, קומען צו איר אויף פאַרשיידענע וועגן, אַרויסגייענדיק פון פאַרשיידענע שטאַנד־פּונקטן און ווענדפּונקטן, וואָס זיינען ביי זיי פונדאַמענטאַל וויכטיק און זיי קענען נישט און ווילן נישט פון זיי אָפּטרעטן. וואָס אָבער עס איז יאָ געוואונטשן פאַר אַ געאייניקטער אַרבעט, איז אַנצואווייזן וועל־כע סכומים כוחות און ווירקונגען יעדער טייל ברענגט מיט זיך און טראָגט אין איר אַריין.

געוויינלעך, דאַרף דאָס יעדע טייל פונעם גאַנצן טאָן אַליין; יעדע טייל איז בעסער ווי אַלע אַנדערע באַקאַנט מיט די רעסורסן וואָס זי באַ־זיצט און מיט די כוחות, וואָס זי קען באַוועגן פאַר דעם אַלגעמיינעם ציל. דאָס דאַרף געטאָן ווערן נישט נאָר כדי אַנצואווייזן אויף דער אייגענער חשיבות און אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט, ווי אין יענעם מעשהלע מיט דעם מענטשנס אברים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן איינער וויכטיקער פונעם צווייטן און אויס גאווה אויפגעהערט צו דינען, ביז זיי האָבן זיך געמוזט איבערבעטן, ווייל איינער אָן דעם צווייטן האָט נישט געקענט אויסקומען; דאָס מוז געטאָן ווערן, כדי יעדע טייל ביי זיך זאָל וויסן וואָס זי קען און וואָס זי מוז ביישטראָגן צום גאַנצן, נישט געדונגענערהייט, אַפילו זי זאָל וויסן ביי זיך, אַז איר ביישטראָג איז דער גרעסטער און דער וויכטיקסטער און אויך כדי צו וויסן די חשי־בות און דעם ביישטראָג פון די אַנדערע טיילן.

מיר וועלן דאָ פּרואוון, פון דעסט וועגן, אָנוואַרפן אַן אַלגעמיין

בילד פון אַט די רעסורסן און כוחות. מיר ווילן זיי צוליב דעם איינ־טיילן אין אָרגאַניזאַציאָנעלע, פינאַנציעלע, לאָקאַל-געזעלשאַפטלעכע, לאָקאַל־פּאָליטישע און אינטערנאַציאָנאַל-פּאָליטישע. מיר טוען דאָס כאָטש מען קען זיי שטרענג נישט אָפּטיילן איינע פון די אַנדערע און זיי רייסן זיך אַריין איינע אין די אַנדערע.

מיר שטעלן זיך אָפּ צוערשט אויף דער אָרגאַניזאַציאָנעלער זייט פון דער אייניקייט: איך באַזע איז דער „אידישער וועלט קאָנגרעס״. וואָס האָט געליינט דעם גרונד פאַר דער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַ־ציע פונעם אידישן פאָלק צוליב די באַשטימטע, אויבן אויסגערעכנטע צילן; ער איז די באַזע, ווייל די אָרגאַניזאַציע פון דער אייניקייט איז אַרויסגעקומען פון זיין אַלאידישער פּאָליטישער קאָנצעפּציע, פון זיין ביז איצטיקער באַמיונג די קאָנצעפּציע דורכצופירן אין לעבן און טאָקע פון די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע שריט וואָס ער האָט געמאַכט אין דער ריכטונג. דאָס מיינט נישט, נאַטירלעך, אַז מיר בלייבן מיט אים, אפילו ווען ער נייט אַראָפּ פון זיין אָנגעצייכנטן וועג.

ווען מיר זאָגן „אַלאידישע פּאָליטישע קאָנצעפּציע״, מיינען מיר נישט, נאַטירלעך, אַז די קאָנצעפּציע איז געקומען צו די גרינדער פון דעם אידישן וועלט-קאָנגרעס דורך דעם רוח-הקודש; זי איז אַ פּועל־יוצא פון לאַנגע יאָרן זוכן אַ לייזונג צו אַ ריי אידישע פּראָבלעמען און פון אַקטיוויטעט ספּעציעל אינעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב פאַר אַט דער לייזונג מצד אַ צאָל אידישע פּאַרטייען, איבערהויפּט פּראָלע־טאַריש־ציוניסטישע.

אין דער זעלבער צייט, אָבער, איז פון נאָך אַן אַנדער זייט, וואָס איז פאַר אַנדערע ביז דעמאָלט געווען פאַרשטעלט און אין אַ מיסטע־ריע איינגעהילט, אויפגעקומען אַ נייער פאַקטאָר פון אייניקייט, וואָס כאָטש איר קאָנצעפּציע איז געווען אַ שנעלע, אין אַ מאָמענט פון דרינג־לעכער נויטווענדיקייט אַרויסגעקומען, האָט זי אָבער דערפאַר געהאַט אַ כוח פון אַ טאַט־זאַך. די קאָנצעפּציע איז געקומען פון דעם פּאָליטישן צוזאַמענשטויס צווישן דעם סאָוועטישן אידנטום און די אידן פון די שכנישע לענדער.

דאָס סאָוועטישע אידנטום האָט, אין אָנבליק פון דעם נאַצישן

אַנגריף אויף דעם ראַטנפאַרבאַנד, אין דעם נאַציִשן אַנגריף ספּעציעל אויף דער אידישער באַפעלקערונג און איר געצוואונגענער עוואַקואַ־ציע אין די סאָוועטישע מזרח־רעפּובליקן, אין אַנבליק פון דער גרויסער צאָל אידישע פּליטים פון פּוילן און בעסאַראַביע, פון ליטע און די אַנ־דערע באַלטישע לענדער, גענומען מאָביליזירן זיינע כוחות צום אָפּ־וועהר קעגן שונא, צו העלפן די עוואַקואירטע זיך איינצואָרדענען צו אָרגאַניזירן פאַר זיי אַ מינימום אידיש קולטור־לעבן און אין דער זעל־בער צייט וועקן די סאָלידאַריטעט פונעם וועלט־אידנטום צום העראָישן קאַמף פון דעם סאָוועטישן אידנטום, וואָס האָט האַנט ביי האַנט מיט די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פונעם ראַטנפאַרבאַנד, געשלאָגן דעם ערגסטן שונא, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט ווען געהאַט.

צוליב דעם האָט זיך אָרגאַניזירט דער אידישער אַנטיפאַשיסטי־שער קאָמיטעט און זיין זשורנאַל „איינִיקייט"; צוליב דעם האָט דער קאָמיטעט געשיקט זיינע מעכטיקע רופן „צו די ברידער אידן פון דער גאַנצער וועלט", געשריבן פון דוד בערגעלסאָן און אונטערגעשריבן פון אידישע קעמפער אויפן פראָנט, פון אידישע וויסנשאַפטלער און אידי־שע דיכטער, פון אידישע ווירטשאַפטלעכע פירער, אַלע מאָביליזירטע אין דעם גיגאַנטישן געראַנגל קעגן וועלט־שונא; צוליב דעם האָט דער קאָמיטעט געשיקט צו די אַמעריקאַנער אידן זיינע שליחים, דעם פּראָ־פעסאָר און פאַרדינטן פאָלקס־קינסטלער מיכאָעלס און דעם לאָורעאַט, דעם אידישן דיכטער און קאַפּיטאַן, איציק פעפער.

אַרום דעם סאָוועטישן אידנטום, אַרום דער לייזונג פון זיינע פּראָבלעמען אינערהאַלב די נייע אומשטענדן, זיין שנעלער אַגראַריזאַ־ציע און אינדוסטריאַליזאַציע, האָט פון אָנהויב אָן זיך געשאַפן אַ סאָ־לידאַריטעט־באַוועגונג צווישן די אידן אין נאָרד־אַמעריקע, ארץ־ישראל, אין די מערב־אייראָפּעישע לענדער און אין די דרום־אַמערי־קאַנישע און די נייע אומשטענדן האָבן אָט די ברידערלעכע סאָלידאַ־ריטעט באַזונדערס צעפלאַקערט און געשאַפן ריזיקע הילפס־באַוועגונגען אין די אַלע לענדער. אָט די ספּאָנטאַנע באַוועגונגען, ספּאָנטאַן אַרויס־גערופענע, זיינען פאַרבליבן אַ פעסט אָרגאַניזירטער כוח פאַר יעדער אידישער הילף. מען האָט דאָס געזען דאָ ביי אונדז אין אַרגענטינע

בעת דער באוועגונג פאר דירעקטער הילף די פוילישע אידן, בעת דער הילף די אליאירטע מלוכות און מען זעט דאָס ביי דער איצטיקער הילפס-באוועגונג דורך די לאַנדסלייט־פאַריינען אין דער הויפּטשטאָט און דורך די קולטור־פאריינען אין די פּראָווינצן. מען זעט דאָס איי־גענע אויך אין די אַנדערע דרום־אַמעריקאַנישע לענדער און באַזונדער אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אָט דער פאקטאָר אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אידישער אייניקייט, כאָטש ער דרינגט אַרויס און איז פאַר־בונדן מיט דעם סאָוועטישן, איז ער אָבער אַז און פאר זיך דער ווירק-זאמסטער אין דעם זין פון אריינציען אין דער אייניקייט די ברייט-סטע מאסן פון דער אידישער באפעלקערונג אין אונדזערע לענדער.

צו אָט די פאַקטאָרן אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אידישער איי־ניקייט, איז לעצטנס צוגעקומען נאָך איינער, א ביז גאָר וויכטיקער, כאָטש א נייער: דער פאַרשטאַרקטער אינטערעס פון דער אידישער יוגנט צו די אידישע פּראָבלעמען. אָט דער פאַרשטאַרקטער אינטע־רעס וואָס האָט מיט זיך געבראַכט ביי אונדז אין ארגענטינע די גרינדונג פון אַ באַזונדערער אידישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, די „אכּכּא", האָט שוין אויך געבראַכט צו דער אייניקייט אַרום די פּראָבלעמען פון די יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון די פאַראַנענע אידישע פּאַרטייען, פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, פון דער באָראָכאָוו־ריכטונג, פון די פּועלי־ציון-צעירי־ציון, די אידישע יוגנט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן ביי אַ צוזאַמענקום מיט דער דערמאָנטער „אכּכּא", באַשלאָסן פאַרופן אַ אידישן יוגנט־קאָנגרעס.

עס וועלן נאָך זיכער צוקומען אנדערע פּאַקטאָרן פאר דער אָרגאַ-ניזאַציע פון דער אידישער אייניקייט, יעדער מיט זיין ווערט און וואָג. נאָר שוין איצט, קען מען שאצן וואָס די אויסגערעכנטע כּוחות וועלן איר אַריינברענגען פינאַנציעל פאַר ממשותדיקער הילף און רעטונג, לאָקאַל-געזעלשאַפטלעך און לאָקאַל-פּאָליטיש און אויך אינטערנאַציאָ־נאַל־פּאָליטיש.

מיר וועלן ווידער אָנהויבן פון דעם „אידישן וועלט־קאָנגרעס" מיט זיין שוין געשאפענעם הילף און רעטונגס־אפּאראַט אין דער פּאָ-רעם פון פּאַרטרויענס-מענער אין די וויכטיקסטע פּונקטן פון אייראָ־

פע, וואָס דינען אלס קאנאלן דורך וועלכע עס זאָל פליסן די הילף פון די אמעריקאנער לענדער פאר די אייראָפּעישע אידן; זיינע דינאַמישע טועד און פּאָליטיקער, וואָס האָבן באוויזן, פון איין זייט, ארייג־ציען אין דער ספערע פון דער טעטיקייט א צאָל פירנדיקע פערזענ־לעכקייטן פון דער אלגעמיינער ציוניסטישער באוועגונג און פון אויסער איר און אויך לאָקאלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי אזא אָרגאַניזאציע פון לאנד־מאסשטאב, ווי אונדזער ארגענטינער „דאיא", וואָס פארטרעט די מערסטע אידישע אינסטיטוציעס פון לאנד, די פעדעראציע פון לאנדסמאנשאפטן אין די פאראייניקטע שטאַטן און די מערסטע ציוניסטישע קערפּערשאַפטן. און פון דער אנדער זייט — אָנקניפּן באציונגען מיט דער דרויסנדיקער וועלט און געווינען פאר דער אידייע פון אידישן פּאָלקס וועזן און פאר זיינע נאָכמלחמהדיקע און פערמאנענטע פאָדערונגען א צאָל בירגערלעכע פּובליציסטן און פּאָליטיקער. אלנפאלס איז דאָס די אויפגאבע פון די טוער און פּאָליטיקער, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פונעם אידישן וועלט־קאָנגרעס.

פּאַראַלעל מיט דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, פירן אַן אינטענסיווע אייניקייטס־באוועגונג די איקוף־חברים אין די פאראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן באוויזן צוציען ארום איר די פּראָגרעסיווע אידישע מאסן און אינטעליגענץ.

אין דער שפּיץ פון אָט דער באוועגונג איז געשטאנען ביי איר אָנהויב דער פארשטאָרבענער דר. חיים זשיטלאָווסקי, דער אלטער קעמ־פער פאר אייניקייט אין דער אידישער ארבעטער באוועגונג און אין דער אידישער קולטור־ארבעט; די גלענצנדיקע אידישע קולטור־פּער־זענלעכקייט, וואָס איז אַן און פאר זיך געווען א פּאָן און א פּראָגראַם פון אידישער אייניקייט אין דער אידישער קולטור־וועלט.

איצט שטייט אָן דער שפּיץ פון דער באוועגונג דער גרויסער אי־דישער שריפטשטעלער שלום אש. די דאָזיקע אייניקייטס־באוועגונג גיט ארויס איר זשורנאל „אייניקייט", וועלכע איז א פרייע טריבונע פאר אלע אָנהענגער פון דער אידישער אייניקייטס־באוועגונג, נישט אויסגעשלאָסן די רעליגיעזע אידישע אינטעליגענץ ווי דער רב אברהם ביק, ש. ערדבערג פונעם „מאָרגן־זשורנאל און אנדערע.

דער ציל פון דער דאָזיקער אייניקייטס באַוועגונג איז נישט נאָר צו קאָנצענטרירן ארום די נאָכמלחמהדיקע און פערמאַנענטע פאָדערונ־גען פונעם אידישן פאָלק — ארום דעם קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמי־טיזם און פאַר אידישע רעכט ווי ארום דער נאַציאָנאַלער אויפריכטונג פונעם אידישן פאָלק — די אידישע מאַסן און די אידישע אינטעלי־גענץ, נאָר אויך געווינען פאַר זיי די נישט אידישע אָרגאַניזירטע אר־בעטערשאַפט.

אויף די צוויי געביטן איז שוין זייער א סך דערגרייכט געוואָרן. עס איז גענוג צו זאָגן, אז ארום דער באַוועגונג איז קאָנצענטרירט דער אידישער טייל פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־אָרדן מיט זיינע צענדליקער טויזנטער מיטגלידער, די גרויסע צאָל אידישע קולטור־אינסטיטוציעס איבערן גאַנצן לאַנד, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אינעם „איקוף", די איקאָר־פאַריינען (פריינט פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אינעם ראַטנפאַרבאַנד), „ראָשיען וואָר רעליף" א.א.

אונטער איר ווירקונג איז געשאַפן געוואָרן די „פעדעראַציע פון דער אידישער אינטעליגענץ אין אמעריקע" אונטער דער אָנפירונג פון וואַלדאָ פראַנק און יוסף ברייניז אין ניו־יאָרק, ד״ר נאַטאַליאַ בערמאַן אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע און אזוי ווייטער אין כמעט אַלע אמעריקאַ־נישע לענדער, וואָס גיט ארויס צו דעם צוועק א זשורנאַל אין ענגליש, אידיש און שפּאַניש.

כדאַי איזאויך צו וויסן אז דער באַשלוס פון דעם וועלט־קאָנגרעס פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט אין לאָנדאָן, אין נאָמען פון א סך מיליאָנען אָרגאַניזירטע ארבעטער, אין דעם זין פון די אידישע פאָדערונגען — קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, קעגן דעם „ווייסן־בוך" און פאַר א אידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע — איז ארייגעטראָגן גע־וואָרן אונטער דער ווירקונג פון אידישע ארבעטער, וואָס זיינען טעטיק אין די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

וועגן דעם באַטייט וואָס דער אָנשלוס פון דעם סאָוועטישן אידנ־טום האָט אין דער אַלאידישער אייניקייט ארום דעם אידישן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַר מענטשלעכע און מלוכהשע רעכטן, קען מען זיך שאַפן א מיינונג נאָר דעמאָלט ווען מען טראַכט זיך אריין,

אז די סאָוועטישע אידן שטעלן מיט זיך פאָר די גרעסטע אידישע גע־מיינשאפט אין אייראָפּע, וואָס האלט אָן די דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער אידישער קולטור און האָט אלע רעכטלעכע מעגלעכקייטן און סאָציאַל־עקאָנאָמישע באדינגונגען צו זיכערן דעם קיום און דעם וואוקס אירן און איז דעריבער, אויף אזא אופן, דער פאקטישער שטאם פון דעם אלוועלטלעכן אידנטום. זיי זיינען אין דער זעלבער צייט, א דאנק זייער דערציונג אין דער סאָוועטישער אטמאָספער פון העראָ־אישער קאָלעקטיווער בויונג און לאנדשוץ און אין דער אטמאָספער פון נאציאָנאלן רעכט און מענטשלעכער ווירדע, א פיזיש און מאָראַ־ליש געזונטער טייל פונעם אלוועלטלעכן אידנטום און א ביישפיל; זיי זיינען דער אידעאל, וועלכן די אידישע מאסן אין אלע וועלט־טיילן האָבן פאַר זיך ווען זיי קוקן אין דער צוקונפט.

אינעם איצטיקן מאָמענט פון וועלט־איבערבוי, ווען עס האנדלט זיך אין דער אויפריכטונג פון דעם אייראָפּעישן אידנטום אין לענדער, וואָס פארנעמען זיך אלץ מער אויף דעם וועג פון סאָציאליזם, פון סאָ־ציאַליסטישער קאָאָפּעראַציע, און עס האנדלט זיך אין פארזיכערן דאָס מלוכהשע רעכט דעם פּיאָנערישן אידישן ישוב אין פּאלעסטינע, איז דער אָנשלוס פון דעם סאָוועטישן אידנטום צום געאייניקטן אידישן פאָלק, פון טראַנסצעדענטאַלן סאָציאַלן און פּאָליטישן ווערט.

די קנאפּע ידיעות, וואָס מיר האָבן וועגן דער ווירקונג פונעם סאָ־וועטישן אידנטום אין דער ריכטונג אין די גרענעץ־לענדער פונעם ראַ־טנפארבאנד, אין פּוילן און אין די באלקאַן־לענדער, ריידן וועגן אָט דער וויכטיקייט גאנץ קלאָר. ווי אזוי מען זאָל נישט קוקן אויף דער דאָזיקער ווירקונג — מיט צופרידנקייט אָדער קנאה — וועט קיין שום איד נישט וועלן שטיין אָן א זייט, אָן זיין קאָנטאקט, אָן זיין מאטע־ריעלער און מאָראלישער באטייליקונג אין איר.

דאָס פּאלעסטינער אידנטום, וואָס איז איצט, מיט זיין קעמפע־רישקייט, דער אָביעקט פון יעדן אידנס אויפמערקזאמקייט, האָט, בא־זונדערס אין די מלחמה־יאָרן, אויפגעהערט צו זיין בלויז א קעסט־קינד ביים ציוניזם און א ליפעראנט פון ציוניסטישער „נשמה יתירה" פארן גלות און האָט פארנומען א פראָנט־פּלאַץ אינעם קאַמף קעגן דעם נאַצי־

פּאשיזם, קעגן די וועלט-פארשקלאפער און אויף א ביז גאָר וויכטיקער פּאָזיציע: אויף דעם נאָענטן מזרח, וואו די אראבישע שייכן האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון זייער נייעם „נביא” היטלער און געווארט אויף זיין נצחון כדי צו באזייטיקן פון דאָרט די „אידישע” ווירקונג, וואָס דאָס האָט געמיינט די ענגלישע און אמעריקאנישע און יעדע אנדערע נישט דייטשע.

איצט, נאָך דער מלחמה, פארנעמט דאָס פּאלעסטינער אידנטום דעם זעלבן פראָנט-פּלאַץ קעגן דער ענגלישער קאָלאָניאל-פּאָליטיק, וואָס האָט גענומען צו איר דינסט די זעלבע אראבישע שייכן און איז געוואָרן דער נייסטער „נביא” זייערער, דער משיח, וואָס זאָל זיי אויסלייזן פון דער אייראָפּעישער ציוויליזאציע, פון דער ווירטשאפטלעכער אויפלעבונג, וואָס די אידן האָבן אהין אריינגעבראכט. אפשר קעגן זיין ווילן, האָט זיך דער פּאלעסטינער אידישער ישוב אויסגעטאָן פון זיין ציוניסטישער הייליקייט, איז ארויס פון זיינע, יאָרנלאנגע „ימי הגבלה” (1) און אין זיין נייער ראָל, האָט ער גלייך געפונען דעם וועג צום סאָוועטישן אידנטום, גענומען ריידן זיין שפּראַך, די שפּראַך פון העראָאישע מעשים און אויך זייער כאראקטעריסטישע מתנות אים געשיקט: אמבולאנסן, אויסשטאטונגען פאר א פעלד־שפּיטאָל. דאָס סאָוועטישע אידנטום, פון זיין זייט, האָט געשיקט דעם פּאלעסטינישן זיינע רעפּרעזענטאנטן: זיינע קעמפער און קינסטלער, זיינע אויסגעצייכנטע ארבעטער. אָט אזוי האָבן זיך געשלאָסן די רייען פון די וויכטיקסטע טיילן פון אידישן פאָלק. די וויכטיקסטע, ווייל זיי גייען אין די פאָדערשטע רייען פון אידישן סאָציאלן און נאציאָנאלן איבערבוי און אויפבוי.

ווען מיר גייען צו ריידן וועגן דעם ביישטראָג פון דער אידישער יוגנט, ספּעציעל אין אונדזערע לענדער, אין די אמעריקאנישע, צו דער אידישער אייניקייט, קענען מיר נישט פארגעסן אויף איין מינוט ווי

---

(1) די דריי טעג ווען אידן האבן זיך אפגעזונדערט פון אלע פיזישע ענינים און זיך געהייליקט און געגרייט אויפצונעמען די לוחות, וואס משה האט געבראכט פונעם בארג סני.

נישט לאַנג ערשט האָבן מיר אין „איקוף״ געהאָלפן דער יוגנט אונדזע־רער זוכן דעם וועג צו דער אידישער קולטור דורך איר התקרבות צו דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט און צו די אַלגעמיינע אידישע פּראָ־בלעמען. די מלחמה און אירע טרויעריקע רעזולטאַטן פאַר דעם אידי־שן פאָלק, די מלחמה און די פארשארפונג, וואָס זי האָט אריינגעבראַכט אין די אידישע פּראָבלעמען, האָט אָט די התקרבות אויף א מוראדיקן שנעלן אופן דורכגעפירט.

וואָס ברענגט זי מיט זיך, די יוגנט, צו דער אידישער אייניקייט? דארף מען דאָס זאָגן? דארף מען זאָגן, אז זי ברענגט מיט זיך אָט דעם „המשך״ וואָס מיר האָבן אים געזען פאר אונדז אן אָפּגעהאקטן אין טעג פון חשבון הנפש, אין טעג פון טרויעריקע געדאנקען איבער דער צוקונפט פון דער אידישער קולטור און פון דעם אידישן פאָלק גופא? דארף מען זאָגן, אז די יוגנט ברענגט מיט זיך דעם ענטוזיאזם, דעם גלויבן, דעם קאמפס־לוסט, וואָס די צילן פון דער אייניקייט נויטיקן זיך אין דעם?

זאָל אונדז נאָך דערלויבט זיין זאָגן דאָ וועגן דער אייניקייט גופא, אז זי ווערט אַלץ נויטיקער פון טאָג צו טאָג. קיינער וועט נישט לייק־ענען, אז דער געדאנק פון דער אידישער אייניקייט האָט זיך אינספּי־רירט, אויב ער איז נישט דירעקט ארויסגעוואקסן פון דער אייניקייט צווישן די פעלקער, וואָס האָבן צוזאמען געפירט דעם טיטאַנישן קאמף קעגן דעם שונא פון דער מענטשהייט. און ווי מאָדנע דאָס זאָל אנדערע נישט אויסזען: יעדן מאָל ווען מיר הערן איצט, אז די אייניקייט פון די פעלקער שטייט אין געפאר איבער די רייבונגען צווישן די גרויסע מלוכות, וואָס האָבן געפירט דעם קריג, ווערן מיר אַלץ מער איבער־צייגט, אז דאָס אידישע פאָלק מוז ענגער שליסן זיינע רייען, מוז אָנ־שטרענגען אַלע זיינע כוחות, מוז מאָביליזירן אַלע זיינע טיילן צום קאמף פאר אונדזערע רעכטן, פאר אונדזער לעבן, פאר אונדזער פּי־זישער און גייסטיקער עקזיסטענץ.

דעצעמבער 1945.




# די ארגענטינער אידישע געזעלשאפט־לעבקייט אין שיין פון דעם קענגזייטיקן קרעדיט־וועזן

די שרעקלעכע פלאג פון דער וואוכעריי אין דעם אלטן אידישן שטעטל, די פלאג מיט אירע שליחים, די וואוכערער אדער פראצענט־ניקעס, און מיט אירע קרבנות, די שטעטלשע ארימעלייט, וואס זיינען געוועזן פארמשכנט, אויב זיי האבן געהאט וואס צו פארמשכנען, ביז איבער די אויערן, — א פלאג, וואס איז אזוי שארף געטאדלט ביי אונדזערע קלאסיקער, — האט ביי אידן פון שטענדיק אן געהאט איר אנטידאט: דער גמילת חסד, די אן־פראצענטיקע און אן־משכנותדיקע הלוואות אויף א פאר טעג אדער אויף א פאר וואכן, איבער דעם יאריד אדער אויף צו באצאלן אן אנדערן דעם גמילת חסד. אט דער גמילת חסד ליגט אין גרונט פונעם ארגאניזירטן קעגנזייטיקן קרעדיט ביי אידן, וואס האט זיין העכסטע אנטוויקלונג באקומען אין אונדזער ארגענטינער אידישן ישוב און אין די דרום-אמעריקאנישע אידישע ישובים בכלל.

ווען מיר זאגן, אז דער קעגנזייטיקער קרעדיט אין די ישובים האט באקומען זיין העכסטע אנטוויקלונג, מיינען מיר דאס נישט אי־נעם זין פון פערפעקציע, נאר אין זין פון עקספאנסיע. וואס שייך פערפעקציע, איז דער באגריף א רעלאטיווער און עס ווענדט זיך וואס

איינער באטראכט פאר דעם אידעאלן טיפ פון קעגנזייטיקן קרעדיט, וואָס איז ביי אונדז פארטראָטן מיט זיינע פארשיידנסטע פאָרמען, גרויס און כאראקטער. די עקספאנסיע פון דעם מין קרעדיט, הויבט זיך ביי אונדז אָן פון זיין פרימיטיווער אָרגאניזאציע — די גמלת חסדים־קאסע — און גרייכט ביז דער אקציען־באנק, מיט באשרענקטן אָנטייל, וואָס שטייט אויף דער גרענעץ פון פריוואטן באנק־וועזן. דאָס מיינט שוין אין דער זעלבער צייט, אז ער כאפט ארום די אידישע באַפעלקערונג פון דעם קלענסטן הענדלער און האַרעפּאַשניק ביז דעם גרויסן סוחר און פאבריקאנט. דאָס מיינט, אז ער הויבט זיך אָן אין יענעם סאָציאלן שיכט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן אלס דרינגענדע נויטווענדיקייט און גרייכט צו יענע שיכטן, וואָס קענען אויסקומען אָן אים און קומען אויך אויס אָן אים אין א גרויסער מאָס, נאָר זיי נוצן זיך מיט אים אָדער שטיצן אים צוליב זיין געזעלשאפטלעכן באטייט.

דערפון איז שוין צו דרינגען, אז דער דאָזיקער פאקט האָט זיינע פאקטאָרן, וואָס ליגן אינעם סאָציאל־עקאָנאָמישן באשטאנד און כאַראקטער פון אונדזער ישוב און אין זיין געזעלשאפטלעכן באוואוסטזיין. מען קען אָט די פאקטאָרן פעסטשטעלן מיט דעם פשוטן נישט באוואָפנטן אויג פון א געזעלשאפטלעכן באָבאכטער; אָבער ביז גאָר וויכטיק איז עס פאר אונדזער ישוב, אז די פאקטאָרן זאָלן אָנגעוויזן ווערן מיט א גוט צעארבעטעטער סטאטיסטיק וועגן דעם עקאָנאָמישן באַשטאנד פון דער מיטגלידערשאפט אין די אידישע קרעדיט-אנשטאלטן, וועגן אירע פראָפעסיעס און עקאָנאָמישן מצב, זינט זייער גרינדונג ביז היינטיקן טאָג.

באנוצנדיק דאָ דאָס נישט באוואָפנטע אויג, זעען מיר די אנטשטייונג פון דעם אידישן קרעדיט־וועזן צוערשט אין די רייען פון די „קוּוענטעניקעס". דער געשיכטע־שרייבער וועט מוזן אָנהויבן פון 1907 אָדער 1908, מיט דער איניציאטיוו צו גרינדן א קרעדיט-קאָאָפּעראַטיווע אין דער געגנט פון באָקאַ און באראקאס פאר די דאָרטיקע קוּוענטעניקעס, וואָס האָט זיך נישט איינגעגעבן בלויז דערפאר וואָס דער מענטשן-עלעמענט פאר וועלכן די איניציאטיוו איז פארטראכט געוואָרן, איז געזעלשאפטלעך נאָך נישט געווען צוגעגרייט דערצו.

די נויטווענדיקייט פון אזא קרעדיט־אַנשטאַלט איז אָבער געליגן אין דער פּאַטענץ. און אפשר איז גלייכער וואָס יענע איניציאַטיוו איז נישט צושטאַנד געקומען. די געשיכטע פון דעם קעגנזייטיקן קרעדיט־וועזן צווישן אידן אין געוועזענעם רוסלאַנד, אריינגערעכנט פּוילן, באַווייזט, אַז ביי דער גאַנצער נויטווענדיקייט זיינער ווערט ער, דאָרט וואו עס פעלט געזעלשאַפטלעכער באַוואוסטזיין, דעגענערירט צו פּי־לאַנטראָפּיע און ברענגט דערמיט אומגעהויערן שאָדן, געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידועלן. דער מיטגליד ווערט א מ ק ב ל, אָן אחריות און דער אַנשטאַלט צעפאַלט זיך אָדער נויטיקט זיך אין שטענדיקער פינאַנציעלער אונטערשטיצונג. דאָס איז געווען דער וועג פון א גרוי־סער צאָל גמילת חסדים־קאַסעס אָדער ליי־קאַסעס, וואָס זיינען געגרינ־דעט געוואָרן און פינאַנסירט געוואָרן מיט דער הילף פון איקא און שפּעטער פון „דזשאָינט", פאַר אידישע באַלמעלאָכעס און הענדלער אין פּוילן און ליטע.

די אויבנדערמאָנטע איניציאַטיוו אין 1908 האָט זיך גענומען אלס מוסטער די איטאַליענישע קעגנזייטיקע קרעדיט־קאַסעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון לוּאידזשי לוּצאַטי און האָבן זיך דאָ גענומען איינבירגערן צווישן די איטאַליענער און שפּאַניער צוזאַמען מיט די אינסטיטוציעס פון קעגנזייטיקער מעדיצינישער הילף און געברויך־קאָאָפּעראַציע, אין וועלכער עס זיינען טעטיק געווען די סאָציאַליסטן, און ווען די איניציאַטיוו האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף דעם אינדיווידו־אַליסטישן גייסט פון די ערשטע קאָלאָניסטן, האָט זי זיך אויפגע־לייזט.

מער מזל האָט געהאַט די איניציאַטיוו צווישן די קאָלאָניסטן אין בעלגראַנאָ אין יאָר 1912. אָט דאָס מזל דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די איניציאַטיוו האָט אינזינען געהאַט אַרומצושטעלן די אינסטי־טוציע מיט א געוויסער סביבה פון קולטור. ביי דער זייט פון דעם בענקל, וואָס איז אזוי נוצלעך געווען די בעלגראַנער קאָלאָניסטן, האָט מען נאָך געמוזט צושטעלן א ביבליאָטעק, א קאָנפערענץ און שפּעטער אויך א שול פאַר קינדער — די שפּעטערדיקע שול אויפן נאָמען פון דוד וואָלפסאָן — כדי דערי דאָזיקער אַנשטאַלט פאַר קע־

גנזייטיקן קרעדיט זאָל האָבן אַ תקומה. דאָס מיינט, אַז די געזעלשאַפטלעכע אידייע פון קאָאָפּעראַציע, וואָס איז ביי נישט-אידן אַן און פאַר זיך געווען אַ ענין אויף צו שאַפן אַ הענגער און באַוועגונג, האָט ביי אידן נאָך געמוזט צובאַקומען אַ ספּעציפיש-געזעלשאַפטלעכן צושמעלץ, אַ אידיש־קולטורעלן אָדער אידיש־נאַציאָנאַלן.

אַ סך פריער האָט אין די אידישע קאָלאָניעס פון ענטרע־ריאָס זיך גענומען אַנטוויקלען די אַגראַר־קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט אין איר גרונד געהאַט דעם טאָפּלטן אידעאַליזם פון דער קאָאָפּעראַציע אַן און פאַר זיך און פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע. די גרינדער פון „פאָנדאָ קאָמונאַל” אין דאָמינגעז זיינען געווען אידן סאָציאַליסטן פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וואָס האָבן אין דער באַראָן הירש־קאָלאָניזאַציע געזען נישט בלויז אַ נאַציאָנאַל־אידישן אויפטו, נישט נאָר די אַגראַריזירונג פון גרויסע אידישע מאַסן, נאָר אויך אַ וויכטיקן ביישטייער צום סאָציאַליזם צווישן אידן און אין דער אַגראַר־קאָאָפּעראַציע האָבן זיי געזען די פאַרפעסטיקונג פון דעם הים-מאָרישן אידישן ווערק.

די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע האָט געטראָגן און טראָגט נאָך ביז היינטיקן טאָג — ווען זי האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער אַלע אידישע קאָלאָניעס און אויך איבער די נישט אידישע פון גאַנצן לאַנד — אַ קרעדיט־כאַראַקטער. זי קרעדיטירט ביז דעם שניט און די הוצאות פון דעם שניט, אָפט אפילו די זריעה און גאַראַנטירט דעם קרעדיט מיט דעם פאַרקויף פון דער תבואה, וואָס ווערט דורך איר געמאַכט אויף בעסערע באַדינגונגען, נאַטירלעך, ווי דאָס ווערט געטאָן פּריוואַט. און עס איז קיין טעות נישט ווען מען פאַרעכנט די אידישע אַגראַר-קאָאָפּעראַטיוועס צום אידישן קעגנזייטיקן קרעדיט-וועזן אין אַרגענטינע.

אין דער געשיכטע פון דעם אידישן קרעדיט-וועזן אין געוועזענעם רוסלאַנד, איז דער מין אַגראַר־קרעדיט, אגב, איינגעפירט געווען פון דער איקאַ אין די פון איר געגרינדעטע אַגראַר־ישובים, אין דער פאָרם פון וואַראַנטן אויף דער קאָלאָניסטישער פּראָדוקציע און אין דער ריכטונג האָבן „איקאַ”, ווי „אַגראָ־דזשאָינט” און „אָרט” אויך קרעדיטירט

די נייע אגראר־ישובים אין די אידישע אגרארע ראיאָנען פון דעם ראטנפארבאנד.

אין דער הויפטשטאָט הויבט זיך אָן דער אידישער קעגנזייטיקער קרעדיט ווי אַ זעלבשטענדיקע באַוועגונג ערשט מיט דער אַנטשטייאונג פון דער אָרגאַניזאַציע צווישן די אידישע קליינע פאבריקאנטן און קליינע הענדלער, אין די יאָרן 1916-1917. ביי די ערשטע האָט די נויטווענדיקייט ארויסגערופן די פראגע רווישטאָפן, וואָס האָט אַנדערש נישט געקענט געלייזט ווערן ווי נאָר אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, דורך דעם קעגנזייטיקן קרעדיט און דורך געמיינזאמען איינקויף און דאָס זעלבע ביי די צווייטע.

געווען איז עס אין יענע יאָרן פון מלחמה, ווען די מלוכה האָט געצאָלט ביז 7 פּראָצענט פאר אירע הלוואות אין אויסלאנד און די מלוכה־באנק פלעגט נעמען 10 פּראָצענט אפילו ביי שטאַרקע געשעפטסלייט און אינדוסטריעלער. קליינע האָבן אפילו קיין צוטריט נישט געהאט צו דער מלוכה־באנק און אין די פּריוואטע בענק איז דער קרעדיט געווען פארבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און איז מערסטנס געגאנגען דורך ספּעציעלע מעקלער, וואָס האָבן באקומען באזונדערע פּראָצענטער. מעגלעך, אז דאָס גופא האָט געצוואונגען די קליינע אידישע פאבריקאַנטן און סוחרים צו אָרגאַניזאציע בכלל.

אין 1917 גרינדעט זיך אזוי ארום דאָס אידישע בענקל „בוענאָס איירעס" אָדער „אַלגעמיינע אידישע אַקציע בוענאָס איירעס" און אַ ריי אזוי גערופענע לאָקאַלע בענקלעך אין איניקע געגנטן. אין 1921 גרינדעט זיך די איצטיקע „אידישע פאָלקס באַנק" אָדער ווי זי רופט זיך שוין „אידישע באנק פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", און פייערט איצט דעם האַלבן יובל זינט איר גרינדונג.

די הויפט־באזע פון אַט דעם קרעדיט־אַנשטאַלט ביי זיין גרינדונג, זיינען געווען קווענטעניקעס. אָבער באדינט האָט זי אויך באַלמעלאָכעס, אייגנטימער פון קליינע געשעפטלעך און ארבעטער. די לעצטע פלעגן ארויסנעמען קרעדיטן אויף אריבערצוברענגען זייערע קרובים נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די באנק האָט דעריבער איינגעפירט דירעקט דעם פארקויף פון שיפסקארטן אויף אויסצאָלן.

דעם נאמען פאלקס באנק האט דער דאזיקער אנשטאלט פון קעגנ-זייטיקן קרעדיט פארדינט צוערשט מיט דער צוגעגנגלעכקייט פון זיינע קרעדיטן, מיט זיין זארג פאר די קרעדיט־באדערפענישן פון דעם נישט פארמעגלעכן מענטשן, מיט זיינע געזעלשאפטלעכע איניציאטיוון, ווי דער קאלאניזאציע-פאנד און די הלוואות פאר די טשאקער קאלאניסטן, וואס האבן זיך קאלאניזירט מיט אייגענע מיטלען אדער כמעט אן מיט־לען, און לעצטנס מיט זיין שטיצן די ביישטאטישע קאלאניזאציע און זיינע ביישטייערונגען פאר ארטיקע געזעלשאפטלעכע און נאציאנאל־אידישע אקציעס.

אט דער כאראקטער זיינער האט אים געמאכט פאר איינער פון די אידישע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אין דער הויפטשטאט, ארום וועלכער עס ווערן געפירט די היציקסטע וואל־אקציעס. איבער־הויפט האט זיך דער קאמף געפירט א געוויסע צייט צווישן די קלע־נערע און גרעסערע אקציאנערן. די ערשטע האבן מורא געהאט אז דער וואוקס פון דער באנק און דער אינטערעס פון די גרעסערע אקציאנערן זאלן זי נישט אראפפירן פון איר פאלקס כאראקטער, און די צווייטע האבן מורא געהאט, אז די צוגענגלעכקייט פון די קליינע קרעדיטן זאל נישט שטערן דער בטוחות פון דער באנק אין די גרויסע פריוואטע בענק אדער אין דער מלוכה-באנק, מיט וועלכע זי איז ארייננגעטראטן אין באציאונגען.

דער דאזיקער שטרייט איז געלייזט געווארן, קען מען זאגן, אויף א ספאנטאנעם אופן. פון איין זייט האט א פיינלעכער קריזיס און דערנאך דער קאנטראל פון דער צענטראל באנק געצווימט די איבער־געטריבענע ליבעראליטעט פון די קרעדיטן און פון דער צווייטער זייט האט דער קליינער קרעדיט אויסגעטראטן פאר זיך נייע וועגן מיט דער גרינדונג פון נייע געגנטלעכע קרעדיט-אנשטאלטן. דער קליינער קרע־דיט, ריכטיקער דער גאר קליינער, העלפט זיך ארוים מיט די לייי־קאַ־סעס פון די לאנדסלייט־פאריינען.

מען קען אזוי ארום זאגן, אז דער אידישער ישוב אין דער הויפט־שטאט איז דורכגעוועבט מיט א נעץ פון גרעסערע און קלענערע אנ-שטאלטן פון קעגנזייטיקן קרעדיט, וואס באפרידיקן די קרעדיט-בא־

דערפעגנישן פון דעם רוב מיטגלידער זיינע. דאָס אייגענע קען מען זאָגן וועגן די אידישע ישובים אין די קאָלאָניעס און אין די פּראָווינץ־שטעט: ראָזאַריע, סאַנטאַ פּע, קאָרדאָבאַ, פּאַראַנאַ, קאָנקאָרדיאַ, קאָ-ריענטעס, לאַ פּלאַטאַ, באַהיאַ בלאַנקאַ און די ישובים אַרום דער הויפּטשטאָט האָבן צו איינער אָדער צוויי און אַמאָל אויך מער אידישע אַנשטאַלטן פון קעגנזייטיקן קרעדיט.

דער פאַקט פון אָט דעם מין קרעדיט־אָרגאַניזאַציע אין דעם אַר־געַנטינער אידישן ישוב ווייזט אָן, אמת, אויף דעם סאָציאַלן באַשטאַנד זיינעם; ער איז מערסטנס באַשעפטיקט אין אינדוסטריע און האַנדל פון קלענערן, אָדער גרעסערן מאַסשטאַב; אין דער זעלבער צייט אָבער, ווייזט אָן דער פאַקט אויף דעם ברייט און שטאַרק אַנטוויקלטן געזעל־שאַפטלעכן באַוואוסטזיין ביי אונדזער ישוב.

קעגנזייטיקייט גופא איז דער יסוד פון געזעלשאַפטלעכקייט און ווען צו דער אָרגאַניזאַציע פאַר קעגנזייטיקן קרעדיט קומט נאָך צו די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג אַרום די אַנשטאַלטן, די ספּעציעלע געזעל־שאַפטלעכע צילן, וואָס זיי שטעלן זיך און די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, וואָס זיי שטיצן, באַקומען מיר אין דער שיין פון דעם אידישן אָרגאַני-זירטן קעגנזייטיקן קרעדיט־וועזן אַ העכסט אינטערעסאַנטע זייט פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע.

# װעגן מאָראַל און דעמאָראַליזאַציע

## אַ פּאָלעמיק איבער אייניקייט און שפּאַלטונגען*)

.1

איך מוז מודה זיין אַז דער אַרטיקל „דעמאָראַליזאַציע" פון חבר וו. איז פאַר מיר געווען אַן איבעראַשונג. איך ווייס נישט אויב עס וועלן זיך געפינען אַ חוץ אים און אפשר, נאָכדעם, ווי ער וועט זיך אַרומזען אויף זיין טעות, אויך מיט אים, נאָך אַנדערע חברים וואָס וועלן מסכים זיין מיט דעם דערמאָנטן אַרטיקל.

מסכים זיין מיט חבר וו. מוז מען אין איין זאַך, אינעם פאַקט: עס איז פאַראַן אין דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער באַוועגונג אַ דעמאָראַליזאַציע, וועלכע איז געקומען צוזאַמען מיט די שפּאַלטונגען. און זאָל מיר דערלויבט זיין אַריינצורעכענען אין דעם פאַקט אויך חבר וו.־ס אַרטיקל; וואָלטן נישט געווען אָט די שפּאַלטונגען, וואָלטן מיר אפשר נישט אַרויסגעזען זיין זייער און זייער אָרימען נישט סאָציאַליסטישן צוגאַנג אויפצופאַסן די דאָזיקע דערשיינונגען.

קיינער קען נישט לייקענען, אַז די שפּאַלטונגען אין די אַרגענטינער אַרבעטער פּאַרטייען האָבן אַריינגעבראַכט דעמאָראַליזאַציע אין די באַציונגען פון אַרבעטער צו אַרבעטער, פון אַרבעטער-גרופּע צו אַרבעטער־גרופּע. עס איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער סכסוך אין דער אַלפאַרבאַנדישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און די לייזונג

---

*) „די פּרעסע", יאַנואַר־פעברואַר 1928.

זיינע מיט דער אויסשליסונג פון דער אָפּאָזיציע האָט אַריינגעבראַכט אַן ענלעכע דעמאָראַליזאַציע צווישן אַ סך אַרבעטער אינעם ראַטנפאַר־באַנד, פונקט ווי די דאָזיקע אויסשליסונג פון טראָצקי און די איבעריקע אָפּאָזיטאָרן, האָט אויך דאָ אַרויסגערופן אַ געוויסע דעמאָראַליזאַציע, אַלנפאַלס שטוינען און אַ געפיל פון לעסטיקייט.

אָבער קיינער איז אין דער דעמאָראַליזאַציע נישט שולדיק אחוץ דער פּאָליטישער אומבאַוואוסטזיניקייט פון די וואָס פילן זיך דעמאָ־ראַליזירט; שולדיק זיינען נישט די שפּאַלטונגען נאָר די שוואַכקייט פון די וואָס ווערן פון זיי דעמאָראַליזירט. וואָרום וואָלטן זיי געווען פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך רייפער, וואָלטן זיי נישט אָנגענומען די שפּאַלטונגען ווי אַ טראַגעדיע, ווי אַן אומגעריכטן, פּאַטאַלן פּאַטש פון זיין ליבן נאָמען, נאָר וואָלטן פּאַרטיידיקט די אָדער יענע שטעלונג מיט אַ באַוואוסטזיין פון קעמפער, צו וועלכע דעמאָראַליזאַציע האָט נישט קיין צוטריט.

חבר וו.-ם שוואַכקייטן זיינען אָט וועלכע, לויטן סדר ווי זיי גייען ביי אים אין אַרטיקל:

ער רעדט פון סאָציאַליסטישער אייניקייט וואָס די מלחמה האָט צעשפּליטערט, און ווייסט נישט אַז צעשפּליטערט האָט דעם סאָציאַליזם נאָך פאַר דער מלחמה די רעוואָלוציע. און צעשפּליטערט האָט די רע־וואָלוציע דעם סאָציאַליזם נאָך אַ סך אַסך פריער ווי די מלחמה איז געקומען, ד.ה. דעמאָלט ווען די רעוואָלוציע איז נאָך געווען בלויז אין פּאָטענץ און איז פאָרויסגעזעען געוואָרן פון די טעאָרעטיקער. די רע־וואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן, וואָס האָבן געזוכט אויסצונוצן די קריזיסן פון דער בורזשואַזיע, זייערע מלחמות, זייערע סכסוכים, פאַר רעוואָ־לוציאָנערער טאַטן, האָבן נישט געקענט דולדן לעבן זיך די סאָציאַלע רעפאָרמער, וואָס האָבן געזוכט בלויז העלפן די אַרבעטער דורכקומען די דאָזיקע קריזיסן. די פּראַגראַמען בלויז, ד. ה. די פּלענער וואָס די רוסישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געפּלאַנעוועט, האָבן זיי שוין צעטיילט אויף פאַרשיידענע פּאַרטייען. דאָס איז דערפאַר, וואָס די טאַט און דאָס גרייטן זיך צו דער טאַט, פאָדערט קלאָרקייט פון געדאַנק, אַ ניכטערע און נעטע פאַרשטעלונג וועגן דער סיטואַציע, וועגן די מיטלען, וועגן די

עפעקטן א.א.וו. דאָס הייסט נישט אַז אייניקייט איז אויך נישט אַ מיטל און נישט נאָר סאָציאַליסטישע אייניקייט, נאָר אַפילו פון די אַרבע־טער מיט דער בורזשואזיע, ווען דאָס איז נויטיק, וואו און צוליב וואָס דאָס איז נויטיק. אַלא נישט, איז דאָס די אייני־קייט פון דעם שוואַן מיטן העכט און מיטן ראַק.

אייניקייט גלאַט אין דער וועלט אַריין פרייידיקן דעמאַ־גאָגן, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, און קלוגע אַרבעטער היטן זיך פון אַזאַ מין אייניקייט.

דערנאָך קומט אַ טעאָריע וועגן מיינונגס פרייהייט, וואָס קלוגע אַרבעטער דאַרפן זיך אויך שטאַרק היטן פאַר איר.

ס'איז לויט חבר וו. אַ „נאַטירלעכע שוואַכקייט" ביי די מענטשן און די סאָציאַליסטן, הייסט עס, האָבן זיך געשטעלט איצט אָט די נאַ־טירלעכע באַדערפעניש פון דער מענטשהייט צו באַפרידיקן.

ביי די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטן, חבר וו., ביי די קעמפער פאַר דער פּראָלעטאַרישער הערשאַפט, איז מיינונגס פרייהייט נישט אַ ציל פאַר זיך, נאָר אַ מיטל צום קאַמף פאַר — דער פּראָלעטאַרישער הערשאַפט. אַז מען האָט באַדאַרפט אָט דאָס מיטל, האָט מען דערפאַר געקעמפט און אַז מען האָט דאָס אויסגעקעמפט, איז דאָס געווען אַ רע־וואָלוציאָנערע דערגרייכונג; נאָר אַז די פרייהייט פון מיינונגען האָט נישט געלוינט פאַר דעם אויפהאַלט פון דער רעוואָלוציע, האָט מען גענו־מען אָט די רעוואָלוציאָנערע דערגרייכונג אין דער געשטאַלט פון דער „אוטשרעדיטעלנאַיע סאָבראַניע" און מען האָט זי געבעטן מחילה, ביז אויף היינטיקן טאָג און הלואי אויף אַלע אייביקייטן, אמן.

און איצט קומט אַ דריטע מימרא, וואָס פאַסט ווידער נישט פאַר חבר וו. נאָר פאַר אַ אידל פון אונטער דער הרובע אָדער פאַר אַזעלכן וואָס מיסטיפיצירט די פּראָלעטאַרישע הערשאַפט מיט דער דיקטאַטור פון אַ פּערזאָן: „טראָצקי — זאָגט ער — האָט אַריינגעזעצט פּלע־כאַנאָוון אין טורמע און סטאַלין האָט נאָכדעם פאַרשיקט טראָצקין". וויפל מאָל האָט חבר וו. אָט די מיסטיפיקאַציע באַקעמפט! און אָט קומט אַ מאָמענט פון שוואַכקייט און ער איז אַליין אַרונטערגעפאַלן אָט דער מיסטיפיקאַציע. ווער האָט באַזייטיקט פּלעכאַנאָוון? טראָצקי

צי אפשר די רעוואָלוציע, דער גאַנצער אַרבעטער קלאַס וואָס האָט גע-
שטיצט לענינען און טראָצקין און געגעבן דערויף זיין פייערלעכע און
באַגייסטערטע הסכמה? און אויך טראָצקין האָט נישט אויסגעשלאָסן
סטאַלין, נאָר די פּאַרטיי, אין וועמעס נאָמען און מיט וועמעס הסכמה
סטאַלין רעדט. און נישט פאַר מיינונגס פאַרשיידנהייט, ווי חבר וו.
מיינט, נאָר פאַר דיסציפּלין־ברוך, פאַר פאַרשפּרייטן זיינע מיינונגען
דורך אַנדערע אָרגאַנען און קומען אין פאַרבינדונג מיט אויסער־פּאַר־
טייאישע פּערזאָנען קעגן דער פּאַרטיי. חבר וו., וועלכער איז אַמאָל
געווען אַ פּאַרטיי־מענטש, אַ פּאַרטיי־פירער, האָט שוין מסתמא גע-
שטימט אַמאָל פאַר אויסשליסן אַ מיטגליד, וואָס איז עובר געווען אויף
דער דיסציפּלין פון זיין פּאַרטיי; אי דאָס, ביי רואיקערע און אין נישט
אַזעלכע וויכטיקע מאָמענטן ווי אויפהאַלטן די דעראָבערונגען פון דער
רעוואָלוציע.

ווער עס איז אידייאיש גערעכט, צי סטאַלין און די מערהייט, צי
טראָצקי און די מינדערהייט, איז אַ באַזונדער זאַך; דאָס איז אַן ענין,
מיין איך, נישט פאַר אונדז, וואָס מיר זיינען ווייט פון דעם אָרט, וואו
מען קען אָפּשאַצן די סיטואַציע, וואָס האָט די חלוקי דעות אַרויסגע-
רופן. דאָ זיינען מיר אפילו פריי צו האַלטן פאַר טראָצקין, ווי חבר
באַטאַשאַנסקי, דערפאַר וואָס ער איז אונדז סימפּאַטיש, צום געשמאַק,
ווי פלעגן זאָגן די גאַלאַנטעריינע פּריקאַזטשיקעס אויף אַלעקסאַנדראָוו-
סקי פּראָספּעקט, צי אויף דער קאַרלאַמפּאָווסקי: „נא ווקוס אי נא
צוויעט טאָוואַרישטשאַ ניעט".

נאָר לאָמיר דאָס אָפּלאָזן און זיך אומקערן צו חבר וו.־ס שוואַכ־
קייטן.

„די דעמאָראַליזאַציע — זאָגט ער — האָט זיך אַריינגעריסן אין
הייליקסטן טעמפּל, אין טעמפּל פון סאָציאַליזם און האַלט נאָך אין
איין צעברעכן דאָרט אַלע הייליקייטן: מאָראַל, ערלעכקייט, געווויסן,
אידעאַליזם, ברידערלעכקייט, רעכט, פרייהייט".

לייענענדיק דאָס האָב איך געהאַט דעם איינדרוק ווי איך וואָלט
געהערט זינגען דורך עדעלשטאַטס אַ ליד, וואָס קלינגט מיר אַזוי נאַיוו
פּונקט ווי דער גאַנצער סאָציאַליזם-אַנאַרכיזם דורך עדעלשטאַטס.

דער „טעמפּל" פון סאָציאַליזם! חבר וו., נעמט מיך אָן פאַר וואָס איר ווילט, פאַר דעם גרעסטן ציניקער אין דער וועלט, נאָר איך זע פאַר קיין פאַל נישט דעם סאָציאַליזם אין א טעמפּל, וואו מען האלט איין ערפורכטיק דעם אָטעם, אָדער מען ווארפט גאָר אראָפּ די שיך איידער מען גייט אהין אריין, ווייל ס'איז הייליק דאָס דאָזיקע אָרט... איך זע איצט דעם סאָציאַליזם אפילו נישט ווי א „רויטן פּלאַץ" מיט רויטע פאָנען און אומענדלעכע רייען מארשירנדיקע ארבעטער, ווי איך האָב אים געהאט אין מיין פאָרשטעלונג בעת איך בין געוואָרן א סאָציאַליסט, צוריק מיט זעקס און צוואנציק יאָר, נאָר ווי אן אלוועלטלעכע אינסטיטוציע פון טויש מיט ווירטשאפטלעכע, פּאָליטישע, וויסנשאפטלעכע, און קולטור- און קונסט דערפארונגען, און אָט די דערפאַרונגען ווערן באקומען מיט אזעלכע געפארן, אין בלוטיקע שלאכטן, מיט די אומגליקלעכסטע מאנעוורן, בעת וועלכע מען פארגעסט אין די אלע הייליקייטן וואָס די גלחים און רבנים פון אלע צייטן האָבן געפּרעדיקט. שטעלט אייך פאָר: מען גרינדעט א „טשעקא", וואו מען שטעלט אוועק א מענטשן, טויזנטער מענטשן, צו דער וואנט און מען צעשיסט זיי און דאָס צעשיסן באקומט דעמאָלט אזא גאָר נישט הייליקן טערמין, ווי „צעבייטן", אויף קליינגעלט, הייסט עס, ווי שמעקט אייך עפּעס אָט דער טעמפּל, חבר וו.!

אָך, אָך, אָך, אמאָל, אמאָל אן אנדער סאָציאַליזם געווען. אמאָל האָבן בונדיסטן מיט ס.ס. און פּועלי ציון אויף די ווארשעווער און אָדעסער אַרבעטער־בירזשעס מיט מעסערס זיך געשטאָכן, מיט רעוואָלווערן אומגעגאנגען און „שאנטאזשירט" די בורזשויען, ארויספּרעסנדיק ביי זיי געלט אויף אַרבעטער־צוועקן. און חבר וו. האָט פרום געדאווענט אין בונדישן סדורל, און האָט גאָר דערין קיין דעמאָראליזאַציע נישט געזען. אמאָל, טאקע ערשט מיט צען יאָר צוריק, האָבן די מענשעוויקעס אין רוסלאַנד און אין אויסלאנד, וואָס האָבן געשטיצט קערענסקין, געטיינעט, אז לענין איז ווילהעלמס אן אגענט און חבר וו. האָט דאָס נישט אָנגערופן דעמאָראַליזאציע. צי אפשר האָט ער נישט געוואוסט דערפון...

אָך, ווי וואויל דאָס איז אינעם אינטערנאציאָנאַל פון דעם אלטן

גדליה (אי. באבעל, „קאָנארמיא”), וואו די רעוואָלוציע איז א גוטע, זי שיסט נישט און רעקוויזירט נישט קיין גראמאפאָנען און האלט יעדן אויפן ביורזשעט... און אפילו אינעם צווייטן אינטערנאציאָנאל, וואו עס זיצן זיך, שבת אחים גם יחד, מאַקדאָנאַלדס און קאמיל הויס־מאַנס מיט פּעטליוראס אוקריינער סאָציאליסטן און קושן זיך אין די פּיסקלעך מיט די גרוזינישע עס־דע.

אז מען שמועסט אייניקייט, אז מען שמועסט העפלעכקייט, מאָ־ראל און ערלעכקייט און ברידערלעכקייט, איז דאָס דאָרט פאראן אין דער פולסטער מאָס, וואָס קען באפרידיקן נישט נאָר חבר וו., נאָר נאָך גרעסערע עטיקער און עסטעטן.

דער סוף איז: מען דארף נישט שרייען דעמאָראליזאציע, נאָר באוואוסטזיניק מאכן די מאסן, אויפקלערן וואָס דאָס איז אזוינס סאָ-ציאַליזם אין היינטיקער צייט פון מלחמה און רעוואָלוציע, פון איבער־גאנג.

.2

נאָך מיינע באמערקונגען אויפן ארטיקל פון חבר וו., איז ער ארויסגעקומען מיט א גאנצער סעריע ארטיקלען אונטערן קעפּל „דע־מאָראַליזאציע” אין די פּרעסע פון 26טן יאנואר, 2טן, 10טן, 16טן און 17טן פעברואר, וואָס חבר ב. האָט אָנגערופן אין זיינער א „שפּיץ־פען” — רעוויזיע פונעם סאָציאליזם, מיט וואָס, פארשטייט זיך, ער איז נישט מסכים, נאָר צוגעגעבן האָט ער, אז א סך ארבעטער דענקען אזוי ווי וו. אָט טאַקע צוליב דעם, וואָס א סך ארבעטער דענקען אזוי, געפין איך פאר נויטיק אָט די „רעוויזיע” אוועקצושטעלן אויף איר פּלאץ. איך שטעל די „רעוויזיע” אין גענדזנפיסלעך, ווייל איך האלט מיך ביי מיין ערשטער דעפיניציע וועגן חבר וו.-ס קינות איבער דעם סאָציאליזם, וואָס די מלחמה, ימח שמה וזכרה, האָט צעשפּאלטן אזוי, אז פונעם כוח פון יענעם ערשטן גרויסן שפּאלט, האלט ער זיך נאָך אלץ אין שפּאלטן, איצט צען יאָר נאָך דער מלחמה; איך האלט אז דאָס זיינען נישט היינט געדאכטע, פון אמאָל פארבליבענע שוואכ־

קייטן פונעם פרימיטיוון סאָציאַליזם, וואָס האָבן זיך אינעם חבר וו. נאָך נישט אויסגעלעבט, און איצט אין א מאָמענט פון דעמאָראַליזאַציע, האָבן זיי זיך אָפּגערופן אין אים, ווי געוויינלעך עס רופט זיך אָפּ אַן אַלטע קראַנקייט ביי א גינסטיקן מאָמענט פאר איר.

און איצט צום ענין:

סיי חבר וו., סיי איך, האָבן מיר אָנערקענט דעם פאקט פון דעמאָראַליזאַציע אין די סאָציאַליסטישע רייען, פארורזאכט פון די שפּאַלטונגען. אין וואָס זשע גייען מיר זיך פאַנאַנדער? אָט אין וואָס: חבר וו. זעט די דעמאָראַליזאַציע אין דעם אָפּנויג פון דאָס וואָס ער רופט אָן „די הויכע מאָראַל", ס'הייסט פון דער לייטישקייט, פון דער ערלעכקייט, פונעם געוויסן, קורץ, פון אַלע אירע עשרת הדברות, וואָס פארבאָטן גנבה, גזלה און רציחה, רכילות, זידלעריי, גראָבע פאַלש-קייט, ברודער-קריג, גוואַלד־און דיקטאַטור. און אזוי ווי די אַלע שלעכטע זייטן האָבן זיך פארשטאַרקט אין אונדזערע צייטן, א דאנק דער מלחמה צוערשט און א דאנק דעם „גאַלאָפּ אין מיליטערישן קאָמוניזם" און די 21 פּונקטן דערנאָך, פונעם 3טן אינטערנאַציאָנאַל; איז דערי-בער... דעריבער וועל איך שוין זאָגן, איז חבר וו. געגאַנגען פון איין אבסורד אין צווייטן, דעריבער האָט ער פאַלש איבערגעגעבן געשיכט־לעכע פאקטן, וואָס זיינען מיט אזא רעש און אזוי אָפן פאר אונדזערע אויגן געשען. און בכלל פארקערט אויסגעטייטשט אזוי באקאַנטע דער־שיינונגען.

איך, זע די דעמאָראַליזאַציע אין דער פארלוירנקייט, אין דער אַנטמוטיקונג, וואָס פּלוצמדיקע דערשיינונגען פארורזאכן אויף ווייניק באוואוסטזיניקע מענטשן; וואָס דאָס הייסט אזוינס דעמאָראַליזאַציע אין קאָמוניסטישע רייען, האָט זייער גלונגען אָנגעוויזן דער חבר בייקעם אין זיין לעבנסבאשרייבונג פון „איציק לייזער דער אוקריינער", וואָס איז צוריק מיט א פּאָר וואָכן געווען געדרוקט אין „די פרעסע". דער „נעפּ" וואָס איז אין ראַטנפארבאַנד געקומען נאָך דעם „מיליטע־רישן קאָמוניזם", האָט גרויסע מאסן ארבעטער, וואָס האָבן זיך נישט פונאַנדערגעקליבן אין דעם צייטווייליקן וועזן פונעם מיליטערישן קאָמוניזם, דעמאָראַליזירט; זיי האָבן זיך פארלוירן, אריינגעפאַלן אין

יאוש, אַדער, זיך אוועקגעזעצט און געשריבן דעמאָראַליזירנדיקע קנות, וועלכע זיינען אוודאי פאַרבליבן נישט געדרוקט, צוליב דער אָפּגעשאַפענער פרעסע־פרייהייט אינעם ראַטנפאַרבאַנד... דער ברודער קריג אין די היגע קאָמוניסטישע רייען רופט אויך ארויס נישט ווייניק דעמאָראליזאציע, ד. ה. פאַרלוירנקייט און מוטלאָזיקייט, ביי די היגע קאָמוניסטיש געשטימטע אָבער ווייניק באַוואוסטזיניקע אַרבעטער. דעריבער... דעריבער, האָב איך געזאָגט, „דאַרף מען נישט שרייען דעמאָראליזאציע, נאָר באַוואוסטזיניק מאַכן די מאַסן, זיי אויפקלערן וואָס דאָס איז אַזוינס סאָציאַליזם אין היינטיקער צייט פון מלחמה און רעוואָלוציע".

איך טייטש „דעמאָראַליזאַציע" — פאַרלוירנקייט און מוטלאָזיקייט; נישט נאָר ווייל דאָס איז דער אַקאַדעמישער טייטש פונעם וואָרט, נאָר ווייל דאָס איז אויך דער היינטיקער סאָציאַליסטישער טייטש פונעם וואָרט. שטילקייט, פיינקייט, לייטישקייט, דאָס זיינען אַלץ קירכלעכע, קליינבירגערלעכע און קליינמוטיקע באַגריפן פון מאָראַל, און דעמאָראַליזאַציע מיינט לויט די זעלבע באַגריפן — חוצפּה, גראָבע רייד, זידלעריי. אין צייטן פון פאַרשאַרפטן קאַמף, איז מאָראַל: מוט, אויסדויער, געוואַגטקייט און טאַקע חוצפּה, צעקלאַפּן דעם קעגנער, נישט איבערקלייבנדיק די מיטלען, וואָרום אַז נישט, וועט זיך דער שונא פּעדערן. די זייער און זייער פרומע און לייטישע גמרא, וואָס איז אַזוי אייפעריק אויפן „לא תרצח", זאָגט: הבא להרגך השכם להרגו". אַז עמיצער קומט דיך הרגענען, הארגע דו אים פריער.

די מאָראַל בכלל, מעגט איר צו איר צושרייבן וויפל עפּיטעטן איר ווילט, הויכע, הייליקע, בלייבט זי אַלץ אַן אַבסטראַקטע כלי, אין וועלכער יעדע תקופה לייגט אריין איר אינהאַלט. די תקופות, פאַרשטייט זיך גיסן זיך אריין איינע אין דער אַנדערער, צוזאַמען מיט זייער מאָראַל; אינעם אייראָפּעישן מיטלאַלטער, איז דער וואַלד־גזלן געווען דער העכסטער אויסדרוק פון דער מאָראַל, ער האָט באַרויבט די סוחרים, אַרויפגעלייגט מס אויף דער געגנט, געווען דער האַר, דער גרויסער מאַן, דער הייגטיקער אַריסטאָקראַט; אַן אַרבעטער האָט גע־

הייסן אַ נידעריקע ברואה, און נאָך ביז היינט זיינען פאַרבליבן יענע באַגריפן; דער גרויסער מאַן איז דער פּוסטעפּאַסנע גראַף און דער שייַנער איד איז דער פּראַצעגטניק; און דאָס איז טראַץ דער קריסטלעכער געשריבענער מאָראַל, וואָס זאָגט צו די אָרימע דעם גן-עדן און די רייכע דעם גיהנום, די דאָזיקע מאָראַל פון די געפּייניקטע און שוואַכע.

אין אונדזער צייט האָבן זיך שוין אַריינגעריסן אויך צוקונפטיקע באַגריפן פון מאָראַל. עס ווערט שוין באַזונגען אָפן און פריי די אַרבעט אַלס טוגנט, בורזשואַזע רעגירונגען שטעלן מאָנומענטן דער אַרבעט; מען פּראָקלאַמירט דעם אַרבעטס־יום-טוב אַלס נאַציאָנאַלן טאַבעל־טאָג א. א. וו. אָבער הערשן הערשט נאָך די אימפּאָנירטע פון דער קירכע אויף די מאַסן מאָראַל, פון שטילקייט און געהאָרכזאַמקייט, מיט אַ טרייסט אויף דער גערעכטיקייט פון דעם עולם האמת.

די ערשטע סאָציאַליסטן וואָס האָבן געזען דעם סאָציאַליזם אַלס אַ ווייטן אידעאַל, אַזוי ווייט ווי עס איז דער עולם האמת ביי די גלויביקע, האָבן פּונקט ווי די לעצטע געשיצט זיך און געטרייסט זיך מיט דער מאָראַל פון די שוואַכע: איר, רייכע און שטאַרקע, האָט די מאַכט, אָבער ביי אונדז איז די גערעכטיקייט; איר זיינט קאָרומפּירט פון אייער רייכקייט, מיר זיינען די ריינע, די זיטלעכע, די פיינע, די לייטישע; איר זיינט בלוט-פאַרגיסער, מיר זיינען די געקווילעטע לעמעלעך, די קדושים וטהורים, די הייליקע מאַרטירער; איר זיינט פאַרטאָן אין דער מיאוסער ווירקלעכקייט, מיר זיינען די טרעגער פון די שענסטע טרוימען.

צווישן די אידישע אַרבעטער, האָט זיך אָט דער מין סאָציאַליזם באַזונדער לאַנג געהאַלטן. נאָך היינט זינגט מען מיט גרויס געפיל, אָנמעסטנדיק אויף זיך, די לידער פון דוד עדעלשטאַט און מאָריס ראָזנפעלד, וואָס באַוויינען דעם גורל פונעם אַרבעטער ביי זיין עקספּלואַטאַטאָר און טרייסטן אים מיט זיין גערעכטיקייט, מיט דער שיינער צוקונפט, מיט דעם אידעאַל... דאָס זיינען אַלטע שוואַכקייטן, נישט היינט געדאַכטע, פונעם סאָציאַליזם, וואָס טאָרן היינט מער קיין פּלאַץ נישט האָבן צווישן די אַרבעטער.

.3

די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער געשיכטע איז, בערך צו אונדזער שנעל לויפנדיקער צייט, שוין א גאנץ לאנגסטיקער פעסט־געשטעלטער אמת, נישט נאָר פאר סאָציאַליסטן, נאָר אויך פאר א סך סאָציאָלאָגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. די בורזשואזע רעגי־רונגען באנוצן זיך מיט אָט די געלערנטע אויף צו שטעלן די דיאגנאָזן פון דער איצטיקער ווירקלעכקייט און צו זוכן דעם פּראָגנאָז פון די ווייטערדיקע געשעענישן. פאר די העכערע קורסן פון עקאָנאָמישער וויסנשאפט אין די אוניווערסיטעטן, ווערן צוגעזוכט מארקסיסטישע לעקטאָרן, פאָסאדאָס אין שפּאַניע, דאָ הי איז געווען איבערלוסעא, עס איז נאָך היינט פּאלאסיאָס, מען האָט אפילו געבראכט אהער, אָדער קיין קאָרדאָבא, וואָס דאָס איז אלציינגס, אלפאָנס גאָלדשמיט. ס'איז דערפאר וואָס די העכערע עקאָנאָמישע קורסן דארפן ארויסגעבן די רעגירער, די מיניסטאָרן, אָט די וואָס דאַרפן אומגיין מיט דער ווירק־לעכקייט און טאָרן נישט טראָגן קיין אידעאַליסטישע ברילן אויף די אויגן. זיי מוזן וויסן אז נישט די קריסטלעכע לערע און נישט די פּרינ־ציפּן פון דער מאָראַל, וואָס ווערן געפּרעדיקט פון דער קירכע, נישט די ריטערלעכקייט פון די גענעראַלן און נישט דער אידעאַליזם פון די „פּראָפעסאָרס", די פּאַטריציער, האָבן געשאפן די געשיכטע, נאָר די מאַ־טעריעלע אינטערעסן פון די וואָס זיינען געשטאַנען ביים רודער, די אינטערעסן פון די מאַכט־האָבער. דאָס פאָלק טאָר דאָס אָבער נישט וויסן, דעריבער ווערט אין די פאָלקס-שולן און אין די מיטל־שולן גע־לערנט א געשיכטע, לויט וועלכער אלץ איז געטאָן געוואָרן לויטן ווילן פון די האלבגעטער די פּאטריציער, די אידעאַליסטן און ריטער, אין נאָמען פון זייערע הויכע אידעאַלן, פון זייער הויכער מאָראַל, און — אזוי הייסט עס, ליגן אויך ווייטער די אינטערעסן פונעם פאָלק און פונעם לאנד אין די הענט פון די גרויסע מענטשן, די אידעאַליסטן און ריטער, וואָס שטאַמען פון די פּאטריציער־משפחות.

דער אינטערעס פונעם סאָציאַליזם איז, ארויספצורייסן דעם אי־דעאַליסטישן שלייער פון דער געשיכטע און פון יעדער פּאָליטישער,

עקאָנאָמישער און קולטורעלער אקציע וואָס ווערט געפירט אין אונד־זערע טעג, און דאָס טוט ער אָדער ער דארף עס טאָן. אזא סאָציאַליס־טיש־ווערק, וואָס דעמאסקירט דעם אידעאַליזם און דאָס ריטערטום פון די ארגענטינער פאטריציער, איז, למשל, דעם ערשט פארשטאָר־בענעם כ. ב. כוסטאָס ווערק „די טעאָריע און פּראַקטיק פון דער גע־שיכטע“, וואָס די איינלייטונג צו איר, האָב איך נאָך כ. ב. כוסטאָס טויט, איבערגעזעצט אין „די פרעסע“ (מען וואָלט באַדאַרפט איבער־זעצן דאָס גאַנצע ווערק). די דעמאסקירונג פון די טאָג־טעגלעכע מעשים פון די רעגירער און פּאָליטיקער, וואָס וויקלען זיך אין מאָראַל און אי־דעאַליזם, אין היינטיקער צייט, איז די טאָג־טעגלעכע ארבעט פון דער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסטיק. נישט נאָר איריגאָזשען וויקלט זיך ביי אונדז אין מאָראַל און אידעאַליזם, נאָר דער יענקישער אימפּע־ריאַליזם אפילו, אָדער ערשט ע ר טוט דאָס, און עס געלינגט אים אמאָל, פּונקט ווי דאָס איז געלונגען די אייראָפּעישע מלחמה־מאַכער, בעת זיי האָבן פאַרדרייט דעם קאָפּ פון די א י ד ע אַ ל י ס ט ן, מיט דעמאָקראַטיע און נאַציאָנאַלער באַפרייונג און אין די אַלע שיינע זאַכן, וואָס חבר וו. האָט אויסגערעכנט, אין איינער פון די פּאָרזעצונ־גען פון זיין „דעמאָראַליזאַציע“.

און — פּונקט ווי מען רייסט אַראָפּ דעם דאָזיקן שלייער, דעם אידעאַליסטישן און מאָראַלישן, פון דער געשיכטע, פון די אמאָליקע ריטערלעכע דעראָבערער און באַפרייער און פון די היינטיקע אימפּע־ריאַליסטן און בורזשואַזע פּאָליטיקער, אזוי דארף מען אויך האָבן דעם מוט אַרונטערצורייסן די מאָראַלישע און אידעאַליסטישע שלייערס פו־נעם סאָציאַליזם, מען דארף אָנרופן ביים נאָמען דעם דאָזיקן ציל, וואָס איז אין משך פון זיין ווייטקייט, אַרומגעהילט געוואָרן מיט אזוי פיל שלייערס פון הייליקייט, פּונקט ווי גאָט אליין און מען האָט אים אריינ־געשטעלט אין א ט ע מ פּ ל . זיין נאָמען איז: די הערשאַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט. די הערשאַפט פון דער ארבעט, פון דער ארבעטער־שאַפט, אויב עס שרעקט אייך דאָס וואָרט ד י ק ט אַ ט ו ר. זיין פּראַקטיק איז, ווי איך האָב שוין אין מיין ערשטן ארטיקל געזאָגט:

טויש מיט דערפאַרונגען אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער טעטי-
קייט, זיין מאָראַל איז: וואַגן.

וואָס די ווייטקייט האָט שוין נישט אָפּגעטון מיט דעם סאָציאַ־
ליזם, זי האָט דאָך אים שוין געמאַכט אַפילו פאַר אַ רעליגיע. זעט לו־
נאַטשאַרסקי. דער זעלבער לונאַטשאַרסקי איז היינט דער בילדונגס-
קאָמיסאַר פון דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואו דער סאָציאַליזם ווערט ג ע־
ב ו י ט, ווי חבר וו. אַליין גיט צו. דאָס הייסט, עס ווערט געבויט די
ו ו י ר ט ש אַ פ ט וואָס דער ווירט אירער איז דער אַרבעטער. און
רעליגיע בויט מען נישט; רעליגיע איז מיסטיציזם און מעטאַפיזיק,
פאַרהוילנס, פאַרבאָרגנס, וואָס מען קען נישט אָנטאַפּן, אין וועלכן
מען מוז נאָר גלויבן, אָדער וואָס מען קען בלויז שפּעקולאַטיוו משיג
זיין מיטן געדאַנק.

דעם סאָציאַליזם און דעם סאָציאַליסטישן ציל טאַפּן מיר היינט
אָן מיט די הענט און מיט דעם געדאַנק זיינען מיר אים משיג גאָרנישט
שפּעקולאַטיוו, נאָר ווי מיר זיינען משיג זאַכן וואָס זיינען צוגענגלעך
פאַר אונדזערע חושים. מיט דעם סאָציאַליזם איז געשען דאָס איי־
גענע וואָס מיט דער לבנה און מיט די שטערן. מיר האָבן זיך דער-
וואוסט אַז די לבנה און די שטערן זיינען נישט מער ווי שטיקער אָפּ-
געקילטער שטאָף, פּונקט ווי אונדזער ערד, גרויער צי שוואַרצער,
פּרוכטבאַרער אָדער פּרוכטלאָזער נאָר זיי גלאַנצן בלויז דערפאַר וואָס
די זון וועלכע איז אַ פייערדיקער שטאָף, שלאָגט אָפּ אויף זיי איר שיין.

וואָס טוען היינטיקע דיכטער מיט דער לבנה און מיט די שטערן?
זיי באַזינגען זיי נישט מער, זיי ווערן נישט מער נתפּעל פון זייערע
בלייכע שטראַלן און פון די נשמות וואָס פינקלען אַרונטער. שוין באַלד
ווי די וויסנשאַפט האָט פון זיי אַראָפּגענומען דעם גלאַנץ און ווי נאָר
די טעכניק האָט געגעבן אויסזיכטן צו קענען זיי דערגרייכן, האָט זשול
ווערן זיך אַרויפגעכאַפּט דורך אַ קאַנאָן אויף דער לבנה. שפּעטער
האָט דאָס געטון הערבערט אועלס מיט אַן עראָפּלאַן. ער איז שוין
אויך אַרויף אויפן מאַרס. נאָך אים איז אויפן מאַרס אַרויף אַלעקסעי
טאָלסטאָי. די לעצטע צוויי, סאָציאַליסטן, האָבן דאָרט געטראָפן גע־
זעלשאַפטלעכן קאַמף, מלחמה. דער לעצטער האָט אהין געבראַכט אַפילו

די ראַטנפאַרבאַנדישע מאָראַל פון געוואַגטקייט און דעם טויש מיט דערפאַרונגען פון דער ראַטנפאַרבאַנדישער סאָציאַליסטישער פּראַקטיק. שיר נישט אַריינגענומען דעם פּלאַנעט מאַרס פאַר אַ מיטגליד אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די דיכטער הײנטיקע, הײנטיקע מיין איך די וואָס בלאָנדזשען נישט אין די הימלען, נאָר זיינען דורכגעדרונגען מיט דער ערדישער ווירקלעכקייט מיט דעם געזעלשאַפטלעכן קאַמף, וואָס ווערט אויף דער ערד געפירט, פון זינט זי איז באַפעלקערט און ווערט וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער, זינגען היינט וועגן אָט דעם קאַמף, שילדערן אים און פאַרייביקן אים. זיי העלפן אַרונטעררייסן דעם שלייער פון די זאַכן, און אַרויסשטעלן אין זייער קלאָרער קאָנקרעטער געשטאַלט. נישטאָ מער קיין פּלאַץ ביי זיי פאַר אילוזיעס און פאַר טרוימען, נאָר פאַר דער נאַקעטער ווירקלעכקייט.

נאָך מער איז עס די אויפגאַבע פון סאָציאַליסטן. אַלץ דאַרף אַרויסגעשטעלט ווערן נאָנט, קלאָר און קאָנקרעט. ביים סאָציאַליזם איז שוין צייט אָפּצומעקן דעם פאַרנעפּלטן אָדער שטראַלנדיקן טערמין א י ד ע א ל און אָנשטאָט אים באַנוצן דעם קאָנקרעטן טערמין צ י ל.

אָך, וויפל אַנטוישונגען, וויפל דעמאָראַליזאַציע עס האָט אין די לעצטע יאָרן פון אָפענעם פאַרשאַרפטן קלאַסן קאַמף, דער קאַמף פאַרן סאָציאַליסטישן ציל, אַריינגעבראַכט דאָס קוקן אויפן סאָציאַליזם, ווי אויף אַן אויסדרוק פון אידעאַליסטישע און מאָראַלישע פּרינציפּן, — די נישט היינט געדאַכטע שוואַכקייטן, — און נישט ווי אויף אַן אויסדרוק פון געזעלשאַפטלעכן קאַמף!

.4

כל זמן דער סאָציאַליזם איז געווען אַ ווייטע זאַך, צוקונפטס מוזיק, ווי מען רופט עס, באַשטראַלט מיט די שענסטע בילדער וואָס די פאַנטאַזיע האָט נאָר געקענט מאָלן, דאָס הימלישע קעניגרייך אויף דער ערד, דער גן-עדן אויף ד ע ר וועלט, באַטויט מיט די שענסטע טרוימען, אָדער אַ זאַך פון בלויז טעאָרעטישן פאַרשן, פון לאָגישן דענקען,

האָט ער צוגעצויגן צו זיך די ראָמאַנטיקער, די הומאַניסטן, מענטשן מיט גוטע הערצער און ליבהאָבער פון דעם לאָגיש וויסנשאַפטלעכן דענקען, די עטיקער און עסטעטיקער, און מיר זעען דעריבער אין די רייען פון די סאָציאַליסטן, אָדער אַלס סימפּאַטיזירער זייַנע, „מענטשן פונעם קליינבירגערטום, פונעם מיטלשטאַנד און אַפילו אויך אַ געווי־סער פּראָצענט פון דער גרויס בורזשואַזיע". וואָס נעענטער אָבער עס קומט דער סאָציאַליזם צו זיין פאַרווירקלעכונג, אַלץ מער דעזערטירן אָט די עלעמענטן פונעם סאָציאַליזם, געציילטע פון זיי, אַזעלכע וואָס דער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז געוואָרן פלייש פון זייער פלייש און בלוט פון זייער בלוט, אָדער אַזעלכע וואָס פּאַסן צו זייערע מאַטע־ריעלע אינטערעסן צום סאָציאַליזם, מאַכן זיך אַ קאַריערע ביים און אַרום סאָציאַליזם, צי די וואָס מאַכן שלום מיט זייער לאַגע, אָט די פאַרבלייבן מיט אים. ביים ערשטן שטאַרקן קלאַפּ פון דער סאָציאַליס־טישער ווירקלעכקייט, ניכטערן זיי זיך אויס פון זייער ראָמאַנטיק און הומאַניזם, פון זייער אידעאַליזם. וויפל סאָציאַליסטישע עטיקער און עסטעטיקער פון דעם מין האָבן געשאָלטן דעם „באָלשעוויסטישן גן־עדן", בלויז דערפאַר וואָס מען האָט ביי זיי קאָנפיסקירט פאַר דער מלוכה זייערע פאַרמעגנס, זייערע פאַבריקן, זייערע קראָמען; בלויז דערפאַר וואָס מען האָט אין זייערע פיל־צימערדיקע וואוינונגען אָפּ־געטיילט אַ טייל פאַר די אַרבעטער! מעגלעך עס זיינען אין רוסלאַנד געווען אַזעלכע וואָס האָבן זייער פאַרמעגן פרייוויליק אוועקגעגעבן, אָט ווי, למשל, דער גראַף קאַראָלי אין אונגאַרן, וועלכער האָט פריי־וויליק צעטיילט זיין ערד צו די פּויערים, אָבער דער דאָזיקער אויס־נאַם האָט בלויז באַשטעטיקט די רעגל.

לויט חבר וו.ס השבון קומט אויס פאַרקערט, אַז די אַלע קליינ־בירגער און גרויסבירגער, די עטיקער און עסטעטיקער, וואָס זיינען פאַרטראָטן אין דער סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישער באַוועגונג באַלד אַזוי פיל ווי דער אַרבעטער קלאַס", ווילן באַגליקן די אַרבעטער מיט דער שיינער צוקונפט, נאָר די אַרבעטער לאָזן זיך נישט, דערפאַר וואָס „עס איז אין זיי איינגעשלעפערט און פאַרטעמפּט די העכערע אַל־מענטשלעכע מאָראַל און דאָס געפיל פאַר שיינקייט, מיט וואָס עס איז

דורכגעדרונגען דער סאָציאַליסטישער אידעאַל".

דאָס איז אפילו נישט אין אָנקלאַנג מיט דעם וואָס חבר וו. זאָגט אין אַן אַנדער אָרט פון זיינע אַרטיקלען, וואו ער וויל מיך פאַרריכטן, אַז נישט ווי איך האָב געזאָגט „די רעוואָלוציע, דער גאַנצער אַרבעטער קלאַס האָט געגעבן זיין פייערלעכע און באַגייסטערטע הסכמה לענינען און טראָצקין צו באַזייטיקן פּלעכאַנאָוון", נאָר פאַרקערט, ער, וו., וואָלט געזאָגט, אַז לענין און טראָצקי האָבן געטון דעם ווילן פונעם אַרבעטער קלאַס". איך בין מסכים מיט חבר וו. אַז אַזוי איז פּינקטלעכער, חבר וו. אָבער איז דעם 10טן פעברואַר נישט מסכים דערמיט וואָס ער האָט געזאָגט דעם 2טן פונעם זעלבן חודש. אין רוסלאַנד, אַ פּנים, איז עפּעס אַנדערש ווי דאָ ביי אונדז, למשל, אָדער אויף דער גאָרער וועלט. דאָרט האָט די „פאַרדאָרבענע פאַר דער העכערער מענטשלעכער מאָראַל און פאַר דעם געפיל פון שיינקייט פאַרטעמפּטע" אַרבעטערשאַפט, דיקטירט טראָצקין צו באַזייטיקן פּלעכאַנאָוון און ער האָט געטון איר ווילן. קומען אָבער צו דער אַרבעטערשאַפט גוטע מענטשן, עטיקער און עסטעטיקער און ווילן ביי זיי פועלן, זיי זאָלן איינפירן דעם שיינעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, ווילן זיי נישט, וואָרום ווען זיי וואָלטן געוואָלט — זאָגט חבר וו. — „וואָלט דער גאַנצער אַרבעטער קלאַס — זאָגט ער — געווען פאַראינטערעסירט אין סאָציאַליזם, וואָלט דער סאָציאַליזם נישט געווען אַ ציל, אַ שטרעבונג, נאָר אַ דערשיינונג, אַ פאַקט".

די איינציקע צרה איז, הייסט עס, מיט די אַרבעטער, וואָס זיי ווילן נישט, זיי זיינען נישט קיין אידעאַליסטן, נישט קיין ריטער פון שיינקייט און העכערער מאָראַל, נאָר גראָבע מאַטעריאַליסטן. פונדעסטוועגן, מיינט ווייטער חבר וו. אַז ווען אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, אַ פּערסאָנאַל פון אַ פאַבריק, צי גלאַט אַרבעטער דערקלערן אַ שטרייק שטעלן זיי אַרויס ד ע ם מ אָ ר אַ ל י ש ן מ אָ ט י וו. דעם אמת געזאָגט איז דאָס פאַר מיר אַ נייס; איך בין אויך געווען אַן אַרבעטער און האָב אויך געשטרייקט, צוזאַמען מיט אַ סך חברים, מאַליאַרעס, און דערנאָך אפילו אַלס זשורנאַליסט און קיינמאָל נישט צוליב מאָראַלישע מאָטיוון, נאָר דערפאַר, וואָס דער לוין וואָס איך האָב באַ-

קומען איז געווען צו ווייניק אויף דורכצוקומען מיט מיינע באדערפע־נישן און דערפאר וואס איך האב צוליב מיין געזונט, כדי צו קאנסער־ווירן בעסער מיינע כוחות, געוואלט ארבעטן ווייניקער שעהן אין טאג. איך האב געשטרייקט קעגן באנוצן גיפטיקע מאטעריאלן ביי דער אר־בעט, וואס האבן שוין מער ווי איין חבר מיינעם פאר א טובערקולאזן געמאכט און מיך אויך דערמיט געדראעט. מיר האבן געשטרייקט פאר זיכערקייט ביי דער ארבעט און פאר פארזיכערונג פון אקצידענטן. יא, מיר האבן זיך געווענדט נאך מ א ר א ל י ש ע ר הילף, דאס הייסט צו סאלידאריטעט, וואס זאל האלטן די חברים מוטיק אינעם קאמף, זיי זאלן נישט דעמאראליזירט ווערן (נישט אנטוישט און אנטמוטיקט ווערן, הייסט עס), אבער פאר קיין פאל נישט נאך מאראל. אונדזערע רעדנער האבן שטענדיק גערעדט אין דעם פאל, פון דער נוצלעכקייט, אבער פאר קיין פאל נישט וועגן דער שיינקייט און מאראלישקייט פו־נעם שטרייק און פון אונדזערע פאדערונגען.

נאר אט וואס, בעת איך האב געשטרייקט, האב איך געפילט און געוואוסט, אז מיט אונדזער קאמף, מיט אונדזער סאלידאריטעט, דער־נענטערן מיר זיך צו דער הערשאפט פון דעם פראלעטאריאט, בפרט ווען מיר האבן געזיגט.

אויף צו פארענדיקן מיט דעם ענין הויכע מאראל און אידעאליזם, וואס פירן די מענטשהייט, לויט חבר וו. צום סאציאליזם, וועל איך דערמאנען א ווארט פון דעם פארשטארבענעם כ. ב. כוסטא, וועלכער איז דאך זיכער אן אויטאריטעט ביי חבר וו. און ער האלט אט דעם כאראקטער פון די ארבעטער פאר א מעלה.

זיין אויטאביאגראפיע, וואס פארנעמט קוים א פערציק צייטונגס־שורות, הויבט אן כ. ב. כוסטא מיט אט די ווערטער: „אויב עמיצער פון סערוואנטעסעס העלדן פיגורירט צווישן מיינע אבות, איז דאס זיכער סאנטשא". דערמיט וויל ער זאגן, אז זיין לעבנסארט, ווי זיין לעבנס אנשויאונג, זיין גאנצער וועזן, זיינען מאטעריאליסטישע. ער האט אין זיך דאס בלוט פון סאנטשא פאנצא און נישט פון קיין דאן קיכאט, נישט פון קיין ריטער, נישט פון קיין ראמאנטיקער וואס קעמפט אין נאמען פון הויכער מאראל, און דערפאר איז ער א סאציא־

ליסט. ווייטער זאָגט ער אין אַ שטעל: „קומענדיק צווישן מענטשן, האָב איך אויסגעפונען, אַז לויט זייערע באַדערפעניש און לויט זייערע אידייען, טיילן זיי זיך איין אין פּאַרטייען און אַזוי ווי מיר האָט אויסגעזען נישט מעגלעך זיי איבערצוציייגן, אַז די איינציקע, עכטע און אמתע אידייען, זיינען מיינע, האָב איך מיך אָנגעשלאָסן צו די מענטשן, וואָס לויט זייערע אידייען, זיינען זיי ענלעכער צו מיר און איך באַשלאָסן דעריבער צו דער אַרבעטער פּאַרטיי". צו דער פּאַרטיי פון די סאָנטשאָ פּאַנצאָס, הייסט עס, פון די מאַטעריאַליסטן. אויף צו פאַרטייטשן זיין וועלט אָנשויאונג, זאָגט ער אין דער זעלבער קורצער אויטאָביאָגראַפיע: „איך האָב ליב שיינע פרויען, אָבער ווייניקער ווי אַלץ כדי צו באַזיינגען די שיינקייט פון זייערע פאָרמען, ווי צוליב דעם וואָס זיי פאַרשפּרעכן געזונטע לעבעדיקע קינדער".

און דאָס האָט געזאָגט דער, וואָס הויבט אָן זיין גרויס ווערק, מיט די ווערטער: „מיר גייען אָן אויפהער איבערן וועג פון דער געשיכטע".

עס גייען אויף דעם וועג פאַרוועגטס די סאָנטשאָ פּאַנצאָס, געשטויסן פון זייערע אינטערעסן און באַדערפעניש, די דאָןקיכאָטן, בלייבן פון הינטן און פעכטן זיך, מחוץ למחנה, מיט די פּאַפּירענע שווערדן פון אידעאַליזם און הויכער מאָראַל. דאָס טוען איצט אויך די אַרויסגעשמיסענע פון דער רעוואָלוציע עס־ער און אַנאַרכיסטן, צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס וואָס זייער מפּלה האָט ביי זיי אָפּגענומען דעם גראַדן שכל.

פאַרוואָס איז עס אַזוי? דערפאַר וואָס ביי די ערשטע איז סאָציאַליזם אַ זאַך פון היינט, אַ זאַך וואָס זיי טאַפּן אָן, ווי זיי טאַפּן אָן דאָס ברויט וואָס זיי עסן יעדן טאָג און דאָס געצייג מיט וועלכן זיי אַרבעטן יעדן טאָג, און ביי די צווייטע איז סאָציאַליזם „דערגרייכונגען וואָס וועלן ערשט געהערן צו שפּעטערדיקע דורות", וואָס אויף צו קעמפן פאַר זיי, דאַרף מען ממש זיין מלאכים ווייניקסטנס פּרושים און נזירים, אַסקעטן, אַלע גרייט אויף מקדש זיין גאָטס נאָמען, וואָס די אַרבעטער זיינען דאָס בשום אופן נישט.

„סאָציאַליזם וואָס לאָזט ער אונדז צו הערן?" — פרעגט חבר ז. און ענטפערט, אַז מיר שטעלן זיך אים פאָר ווי אַ בעסערע געזעלשאַפט־

אָרדענונג איידער די היינטיקע און ער רעכנט אוים וואָס עס וועט נישט זיין און וואָס עס וועט יאָ זיין, בקיצור, „אַ לייזונג צו אַלדאָס שלעכטס פון וואָס מיר ליידן אין דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס איז פול מיט פאַלשקייט, שווינדל, רויבזוכט, אונטערדריקונג, פּראָסטיטוציע, גוואַלדטאַט, נויט, מאָרד און אַזוי ווייטער".

אויב די דאָזיקע אַלע איבלען קומען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, דאָס הייסט, די דאָזיקע געזעלשאַפט שאַפט זיי, וואָלט דאָך לאָגיש געווען צו דערוואַרטן אַזאַ מין אויספיר: מיט דעם פאַרשווינדן פון דעם קאַפּיטאַליזם, וועלן אויך פאַרשווינדן די בייזע געזעלשאַפטלעכע געוויקסן וואָס ער ברענגט מיט זיך, דעריבער מוז מען זען פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס פון זיין פאַרשווינדן, אריינמישן אונדזער באַוואוסטזיין, אונדזער טאַקט, אונדזער מוט און קאַמפּסלוסטיקייט, קאָמבינירן אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות וואָס קענען העלפן דער פאַרשנעלערונג פון דעם פּראָצעס און, טאַקע אויך באַזייטיקן די וואָס קענען דערצו שטערן, קורץ פירן דעם קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם.

אָבער חבר וו. האָט שוין, אפנים, פון פריער צוגעגרייט אַן אַנדער אויספיר, און ער האָט דעריבער אויסגעקינצלט אַזאַ מין מאָדנעם סילאָגיזם: דער סאָציאַליזם איז די לייזונג צו אַלדאָס שלעכטס, צו אַלע מיאוסקייטן, אוממאָראַלישקייטן און אומגערעכטיקייטן; הייסט דאָס, אַז סאָציאַליזם איז שיינקייט און מאָראַל, עסטעטיק און עטיק, דעריבער דאַרף זיין דער וועג צו אים עטיש און עסטעטיש.

דרך אגב, חבר וו. האָט שוין גענומען אַלס גאַנץ ערנסט קאַמפּסמיטל די דאָזיקע עטיק און עסטעטיק און זאָגט מוסר דער רעגירונג, וואָס דולדעט די מעשים פון דער פּאַטריאָטישער ליגע, וועלכע האָט זיך געמאַכט פאַר אַ מ אָ ר אַ ל די א ו מ מ אָ ר אַ ל (זי טעראָריזירט די אַרבעטער) און ער טענהט איין (אויף אַ צווייט פּלאַץ) וועגן דער מאָראַלישקייט פונעם באַיקאָט אויף עקספּלואַטאַטאָרישער פירמע אין שטעטל בענעראַל פּיקאָ. עס טרעפט זיך דאָך אַמאָל אַז אַרבעטער באַגייען זיך נישט גאָר עסטעטיש. למשל, שטרייקער כאַפּן אַ שטרייקברעכער און מען ברעכט אים גוט אָן די ביינער, סאָציאַליסטן פּאַקן אַ שפּיאָן, אַ פּראָוואָקאַטאָר און מען טוט אים נאָך ערגערס. און

אין רעוואָלוציע־צייט, שיסט מען קאָנטררעוואָלוציאָנערן. צי אָפשר זאָל מען דעמאָלט זיך זעצן איינפּלאַנצן אין זיי גוטע מדות און זאָגן מוסר, ווי דער קיכער דער קאַץ וואָס נאַשט אויף די סמעטענע און ווי חבר וו. דער פּאַטריאָטישער ליגע, און פּאַרוואָס נישט מוסאָליניז, פּרימאָ דע ריווערא, איבאַניעזן?... אי, פע, שעמען מעגן זיי זיך, הערן פאַר־שיסטן! . . .

זאָל שוין אפשר זיין אָט דער מוסר דער „שיינער וועג צום שיי־נעם לעבן”?

און פאַר וואָס עפּעס דער? פאַראַן נאָך שיינע וועגן צום שענערן צוקונפטיקן לעבן; דער וועג פון יעזוס, פון טאָלסטאָי, פון מאַהאַטמאַ גאַנדי, פון די בירגערלעכע פּאַציפיסטן, וואָס ריידן אַזוי שיין, אַזוי עטיש און עסטעטיש, אַז ס׳גיסט זיך זיי האָניק פון די ליפּן...

.5

דער סאָציאַליזם —זאָגט חבר וו. — הייסט אַ שענער געזעלשאַפט־לעך און אינדיווידועל לעבן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און — זאָגט ער — שיין איז אויך דער גאַנג צו אַ שענער לעבן.

אוודאי איז דער וועג אַ שיינער, אויב נאָר ער פירט צום געזעל־שאַפטלעכן ציל. חבר וו. האַלט אָבער אַז דער איצטיקער וועג, בפרט פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, איז נישט קיין שיינער. וואָס אַזעל־כעס עס הייסט שיין, זאָגט ער נישט נאָר מיינען מיינט ער, אַז ער באַפרידיקט נישט זיינע עסטעטישע געפילן.

וואָס אַזעלכעס איז שיין און וואָס איז נישט שיין? פאַר שיינ־קייט איז קיין מאָס נישטאָ, פּונקט ווי פאַר מאָראַל און פאַר אַלע אַנ־דערע אַבסטראַקציעס, וואָס זיינען פּוסטע כלים אין וועלכע יעדער איי־נער לייגט אַריין זיינע באַגריפן. פאַר אַן אַרבעטער הייסט נישט שיין אַז אַן אַרבעטער איז אַ שטרייקברעכער און ביים באַלעבאָס איז עס זייער שיין; ער לויבט דעם שטרייקברעכער ביז אין טאָג אַריין, ער איז אַ שטילער מענטש, אַ פיינער מענטש, אַ גוטער מענטש, חברט

זיך נישט מיט די לאָבוזעס; אַ „באָלשעוויק" איז ביי איינעם אַ שיי־נער טיטל און ביי אַ צווייטן אַ שימפּ־וואָרט.

איז, אפנים, פּונקט ווי אין דער מאָראַל, מאַכט חבר וו. אַ חלוק צווישן גלאַט מאָראַל און העכער מאָראַל, מיינט ער אויך דאָ העכערע שיינקייט; למשל, מאַרטירערטום, אַזאַ שיינקייט, הייסט עס, וואָס אַלע מוזן אָנערקענען.

אויב אַזוי איז אוודאי דער וועג צום סאָציאַליזם געווען „שענער", ווען ער איז פּאַרזייט געווען מיט די קרבנות פון די סאָציאַליסטישע קעמפער און באַשטראַלט מיט דער שיין פון זיינע מאַרטירער, איידער איצט, ווען דער סאָציאַליזם, ניין, דער קאָמוניזם, האָט פּאַרזייט זיין וועג מיט די קערפּער פון זיינע שונאים, פון זיינע הענקער...

סאָציאַליזם איז מאַרטירערטום, האָבן געזאָגט די וואָס זיינען גע־קומען צום סאָציאַליזם, ווייל עס האָט זיי געלאָקט צו אים די שיינ־קייט פון זיינע מאַרטירער, טאָ וואו איז איצט סאָציאַליזם?! און זיי זיינען צעטומלט, פּונקט ווי עס זיינען צעטומלט די מאָראַליסטן, הו־מאַניסטן און אַנדערע שיין־גייסטער, וואָס זיינען געקומען צום סאָ־ציאַליזם באַפרידיקן זייערע עטישע און עסטעטישע געפילן.

דאַרף דעריבער דאָ צום טויזנסטן מאָל איבערגעחזרט ווערן, אַז דער סאָציאַליזם איז אַליין זיין וועג און זיין ציל, ער איז דער געזעל־שאַפטלעכער טריב אינעם מענטשן, וואָס טרייבט אים פאַרטיידיקן זיי־נע קלאַסן־אינטערעסן און די גאַראַנטיע פון דעם סאָציאַליסטישן נצחון באַשטייט אין זיין נוצלעכקייט און נישט אין זיין שיינקייט, זיין וועג איז דער נויטווענדיקער וועג פון קאַמף.

ווען דער סאָציאַליזם זאָל זיך געווען נעמען אַלס וועג־ווייזער די שיינקייט און די מאָראַל, צי די אַבסטראַקטע גערעכטיקייט, וואָלט שוין לאַנג געוואָרן פון אים דאָס וואָס עס איז געוואָרן פונעם קריסטנטום צי פונעם אַנאַרכיזם; אַ הימלישער מאַנטל פאַר אַלע ערדישע ליידנ־שאַפטן און אַמביציעס, אָדער דאָס געשריי פון אימפּאָטענטן. ער וואָלט אפשר שטיין געבליבן ביי שאַרל פוריע, וואָס האָט אין נאָמען פון גע־רעכטיקייט, פון מאָראַל און פון שיינקייט געוואָלט איינריידן די געלט־האָבער פון זיין צייט, איינצופירן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, פאַר

וועלכער ער האָט אפילו אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, באַזאָרגט אירע פונק־
ציעס א. א. וו.

אויך די ערשטע אויפריכטיקע אָנהענגער פון יעזוסעס לערע, ניט
די אַפּאָסטאָלן, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער דעמאָלט באַ־
קאַנטער וועלט, צו פּריידיקן דעם קריסטנטום, נאָר די פשוטע מענטשן
פונעם פאָלק, פרומע אידן און אידענעס, האָבן זיך געשאַפן קאָמונעס,
געוואוינט אין די היילן און געלייטערט זייערע נשמות אין זייער פרו־
מען קאָמונע־לעבן. אויף דעם זעלבן אופן האָט זיך געגרינדעט אַ
קאָמונע פון אַנאַרכיסטן אין נאָרד־אַמעריקע, די דוכאָבאָרן און מאָלאָ־
קאַנען, קריסטלעכע סעקטעס פון רוסלאַנד, וואָס זיינען אין גייסט
נאָענט צו די איסיים (אַ אידישע רעליגיעזע סעקטע בעת דעם בית־
שני) און צו די ערשטע קריסטן, האָבן געגרינדעט אַ קאָמוניסטיש ענ־
לעכע קאָלאָניע אין קאַנאַדע, און אַט עקזיסטירן איצט די קבוצות (קאָ־
מונעס) אין ארץ ישראל, וואָס חבר וו. האַלט זיי פאַר וואָס איר ווילט,
נאָר ניִשט פאַר סאָציאַליזם. איר ווייסט וואָס דאָס הייסט ציוניזם ביי
אַ בונדיסט!

אַט דאָס זיינען אידעאַליסטן! אַט דאָס זיינען שיינע גייסטער! אַט
דאָס זיינען מענטשן פון הויכער מאָראַל! איך האָב פאַר זיי דעם
גרעסטן דרך־ארץ, פּונקט ווי איך האָב דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַר יע־
זוסן אויב ער האָט געלעבט, אָדער פאַר דעם דאָזיקן מיטֿ, אויב ער
האָט ניִשט געלעבט, פאַר טאָלסטאָיען, פאַר זשאַן זשאַק רוסאָ און פאַר
די אַנדערע שיין־גייסטער און טרעגער פון הויכע מאָראַלישע אידייען,
און בכלל איז מיר ליב און אנגענעם אַ גוטער און גוט דערצויגענער
מענטש, אַן אידעאַליסט, אַ מענטש וואָס איז גרייט זיך מקריב צו
זיין פאַר אַ צווייטן און לטובת הכלל, אויב נאָר איך ווייס, אַז ער זוכט
ניִשט דערביי זיינע פּערזענלעכע אַמביציעס.

אָבער, דאָס שאַט מיר ניִשט צו זאָגן, אַז סיי די קאָמונעס, די
רעליגיעזע, די אַנאַרכיסטישע ווי די ציוניסטישע, סיי די שיינע גייס־
טער און גוטע מאָראַלישע מענטשן, האָבן מיט דעם קאָמוניזם און סאָ־
ציאַליזם גאָרנישט צו טון. קאָמוניזם אָדער סאָציאַליזם איז דער אַל־
וועלטלעכער קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פאַר דער הערשאַפט איבער

דער ארבעט. ער איז א קאמף קעגן דעם קאפיטאליזם, זיין ציל איז איי־בערצונעמען דעם קאפיטאל, דאס הייסט דאס געצייג און די פראָדוק־ציע אין די הענט פון די ארבעטער, און די פריער אויסגערעכנטע קאָ־מונע־מאכער זיינען אזעלכע וואס אנטלויפן פונעם קאמף, באהאלטן זיך אויס פון דער גרויסער וועלט אין זייער קליין וועלטל.

אויף אזא אופן, האט דער טאָלסטאיאנער ראָמען ראָלאַן, אין מלחמה צייט פארלאָזט פאריז, וואו עס איז געווען דער קעסל־קאָך פון מלחמה און זיך אויסבאהאלטן אין דער נייטראלער שווייץ. ע ר איז קעגן מלחמה, איז ער דעריבער, „געטריי צו זיינע פרינציפן”, אנטלאָפן פון איר. זאָל זיך די וועלט שלאָגן קאָפּ אין וואנט, איך בין מיר א „פּאַ־ציפיסט”, איך האלט אז מען טאָר זיך נישט קעגנ־שטעלן קיין שלעכטס, אז מען טאָר נישט ענטפערן מיט גוואלד אויף גוואלד.פון דאָרט, פון דערוווייטנס האט ער געזאָגט מוסר דער וועלט, אז מלחמה איז ניט שיין, אז מלחמה צערייסט די ברודערשאפט פון די פעלקער און אפילו פון פערזענלעכע פריינט (ווי גרויס די טראגעדיע!) וואס וואוינען אין באזונדערע לענדער. ווארום דער עיקר איז דאָך פריינטשאפט, גוטע באציאונגען, מאָראל, עטיק און עסטעטיק...

סאָציאליסטן אָבער, אנטלויפן נישט. נישט זיי לאָזן איבער די גרויסע וועלט, מיט איר קלאסן־קאמף, מיט אירע געזעלשאפטלעכע פּראָבלעמען און פארקלייבן זיך אין די ווייטע מקומות זיך לעבן, לויט זייערע פרינציפּן „אין קאָמונע” און נישט זיי אנטלויפן פון מלחמה. זיי פרעגן זיך נישט צי ס׳איז שיין און מאָראליש, נאָר צי ס׳איז נויטיק, און גייען אפילו אין מלחמה, אזוי טוען סיי די רעפאָר־מיסטן, סיי די באָלשעוויקעס. ווען מען דארף, לאָזט מען פלוידערן די צעקראָכענע פאציפיסטן און מען שרייבט אפילו אליין פאציפיסטישע ארטיקלען, און ווען מען דארף רעדט מען פון מלחמה.

די באָלשעוויקעס האָבן מיטן כוח פון דעם פאציפיזם, מיט זיי־ער אגיטאציע קעגן דער מלחמה, באקומען די הערשאפט אין רוסלאנד, און דערנאָך זיינען די באָלשעוויקעס געגאנגען מיט א מלחמה אויף

פוילן. עס ווענדט זיך נאָר צו וואָס די מלחמה ווערט באַנוצט, צוליב אונטערדריקונג אָדער צוליב באַפרייונג.

איז מלחמה שיין צי מיאוס? לכל הדעות מיאוס; בלוט־פאַרגיסונג, פאַרניכטונג פון מענטשלעכע לעבנס און אָנגעזאַמלט דורך דורות רייכ־טום, א זייאונג פון טויט און פון נויט. און דאָך זיינען סאָציאַליסטן נישט נאָר געווען פ א ר מלחמה, נאָר זיינען געגאַנגען אין מלחמה, אנדערע — באַקעמפן דעם קייזער מיט זיין מיליטאַריזם, אַנדערע — פאַרטיידיקן די דייטשע אינדוסטריע און אירע מערק, פון וועלכער עס לעבן די עטלעכע און זעכציק מיליאָן דייטשן.

און אָט איז נאָך א מאָטיוו, א מאָטיוו פון ארגענטינישע סאָציאַ־ליסטן, מיט כ. ב. כוסטאַ אין דער שפּיץ, אריינצושפּרינגען אין דער וועלט־מלחמה. די מלחמה איז א פאַקט — האָבן זיי געזאָגט — לאָ־מיר זי אויסנוצן פאַר דער ארגענטינישער עקאָנאָמיע, וואָס דאָס וועלן מיר קענען טאָן אויפן בעסטן אופן זייענדיק אין איר.

צו דעם ענין פון סאָציאַליזם און מלחמה, וועל איך מיך נאָך אומ־קערן, וואָס איך האָב דאָ געוואָלט אָנווייזן איז נאָר, אז סאָציאַליסטן קוקן נישט אויף שיין צי מיאוס, בעת עס גייט אין קאַמף, און אין קאַמפּס־מיטלען, וואָס דאַרפן פירן צום סאָציאַליזם, אָדער אפילו בלויז צו צייטווייליקע פאַרבעסערונגען פונעם לאַנד.

## .6

די מלחמה, וועלכע האָט אויפגעדעקט פאַר די ברייטסטע מאַסן דעם קאַפּיטאַליסטישן וועזן פון די מלוכות, די אַפּעטיטן פונעם גרויסן קאַ־פּיטאַל, די צביעות פון זיינע משרתים, וואָס האָבן פאַרדעקט מיט „שיינע אידעאַלן" די אימפּעריאַליסטישע, לייען — רויבערישע כוונות פון דעם וועלט־קאַפּיטאַל, די זעלבע מלחמה האָט אויפגעדעקט די פלאַכקייט און באַגרענעצטקייט פון א סך גרויסע סאָציאַליסטן, מאַרק־סיסטישע ווי הומאַניסטישע, און אויך די באַגרענעצטקייט פון די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטייען אין א סך לענדער. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די פּאַרטייען, פּאַרטאָן אינעם היימישן קאַמף פאַר נאָך א דעמאָ-

טאט אין פּאַרלאַמענט, פאר ווייניקער שטייער, פּאַרציען זיי אין דער זעלבער צייט דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, וואָס גייט צו־זאַמען מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם און באַווייזט זיך אין זיינע קריזיסן און מלחמות; אז זיי ווענדן נישט די אויפמערקזאַמ־קייט פון די אַרבעטער־מאַסן אויף די וועלט־געשעענישן, וואָס זאָלן דערקלערן די געשעענישן אין אייגענעם לאַנד אין שיין פון דער וועלט־פּאָליטיק, און באַגנוגענען זיך מיט אויפקלערן די היימישע לאַנד פּאָ־ליטיק, צוליב ענגע וואַל־אינטערעסן, אָדער אפילו צוליב ענגע לאַנד־אינטערעסן.

אזוי האָט די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטיע גערופן די אַרבעטער אין מלחמה צוליב דער פאַרטיידיקונג פון דער דייטשער אינדוסטריע; אין דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז שוין אפילו געוועזן א גרויסע ריכטונג וואָס האָט פאַרטיידיקט די דייטשע קאָלאָניאַל־פּאָלי־טיק, ד. ה. איר אימפּעריאַליזם. (אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג איז די ריכטונג ערשט איצט אַרויסגעקומען). לויט דעם זעלבן געדאַנקען־גאַנג האָט די היגע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, געפּאָ־דערט, אז אַרגענטינע זאָל זיך אָנשליסן אין דער מלחמה. די באַלדיקע אינטערעסן פונעם לאַנד: אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, הויכע פּרייזן פאַר תבואה, האָבן דאָס געפּאָדערט.

ביי אונדז אין אַרגענטינע האָט דער לעצטער אַקט פון דער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי, אָדער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרלאַמענ־טאַרישער גרופּע, באַוויזן ווי ווייניק זי שאַצט אָפּ די אינטערנאַציאָ־נאַלע פּאָליטיק; איר אומפאַרשטענדעניש פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָט זי אַרויסגעוויזן נאָך אָנהויב מלחמה, ווען זי האָט דער־קלערט פאַר אויסער אירע רייען דעם שריפטשטעלער מאַנועל אוגאַרטע צוליב זיין אויפדעקן און באַשעפטיקן זיך מיט דעם פּראָבלעם פונעם נ.־אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם אין די לאַטייניש־אַמעריקאַנישע לענדער און זיין רופן צו א געמיינזאַמער אַקציע קעגן איר. דאָס מאָל האָט זי פּשוט געוואָלט אריינציען די מאַסן אין מלחמה, נישט צוליב רעוואָלו־ציאָנערע צוועקן, נאָר אינעם שפּיל פון די אימפּעריאַליסטן.

די סאָציאַליסטן אין אַרגענטינע, וואָס זיינען דעמאָלט אַרויסגע־

טראָטן פון דער פּאַרטיי (איך קען דאָס נישט זאָגן וועגן אַלע, וואָרום אויך חבר וו. איז דאָ, דוכט מיר, אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי) און געגרינדעט דעם אָרגאַן „אינטערנאַציאָנאַל" און די אינטערנאַציאָנאַל סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, האָבן דערמיט אַליין אונטערגעשטראָכן זייער נישט איינשטימיקייט מיט דער נישט סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער אַלטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זאָגן אַז די שפּאַלטונג איז געקומען צוליב דעם גערמאַנאָפּיליזם פון די אַרויסגעטראָטענע, הייסט פעלשן די געשיכטע. די אַרויסגעטראָטענע האָבן אין זייער אָרגאַן באַגרינדעט זייער שריט מיט דער אַנטיסאָציאַליסטישקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געשטיצט זיך אויף די צימערוואַלדער. (די גערמאַנאָפּילן, ווי ראָדריגעז, דאָמינגעז, לאָמאַס און אַנדערע „גאַליעגאָס", זיינען אַוועק דירעקט צו דער דייטשער „לאַ אוניאָן") און שטעלנדיק זיך אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן באָדן, איז די דאָזיקע פּאַרטיי געקומען צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל, ד. ה. צו דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס באַנעמט דעם קלאַסן קאַמף אינעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, אינעם וועלט מאַסשטאַב... זייט דעמאָלט ווערט פאַר די היגע אַרבעטער מאַסן אויפגעדעקט נישט נאָר דער גאַנצער אַלוועלטלעכער קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישער שפּיל, נאָר אויך די ראָל פון אַרגענטינע אין דעם דאָזיקן שפּיל; די דאָזיקע פּאַרטיי אין אַלע אירע גלגולים האָט אָנגעבונדן די אַרגענטינישע אַרבעטער, אויב נישט אָרגאַניזאַציאָנעל, איז גערדאַנקלעך, מיט דעם אַלוועלטלעכן קלאַסן־קאַמף.

האָט די דאָזיקע שפּאַלטונג געבראַכט שאָדן אָדער נוצן דעם אַרגענטינישן אַרבעטער־קלאַס? איך מיין אַז די נוצן פון אָנבינדן אפילו בלויז געדאַנקלעך דעם אַרגענטינשן אַרבעטער קלאַס צום אינטערנאַציאָנאַלן קלאַסן־קאַמף און צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אייראָפּע, איז פיל מער ווערט, ווי די איינִיקייט, ד. ה. ווי ווען די דאָזיקע סאָציאַליסטן זאָלן געווען בלייבן אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַרשלונגען ווערן אינעם קאַמף מיט איריגאָזשענען, און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק זיך באַגנוגענען מיט שעלטן די באָלשעוויקעס, אָדער פּראָווען אַ סאָציאַליסטישן יאַרצייט.

וואָס איז שייך דער לעצטער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי, ד. ה. דעם ארויסטריט פון דע טאַמאסאָ און די זייניקע, קען עס אַן אויפריכטיקן סאָציאַליסט, אַפילו אַ רעפאָרמער, נישט מער ווי פריייען. אַזעלכע דעמאָראַליזירן די מאסן בעת זיי געפינען זיך אין אַ פּאַרטיי און אַז זיי גייען פון איר ארויס, מאַכן זיי קלאָרער די אַט־מאָספער. וואָרום אויב די אַרגענטינישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דעם פּאַרדינסט, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר אין דער היגער בירגער־לעכער פּאָליטיק אַ מוסטער מיט אירע אויסגעשפּראָכענע צילן און מיט איר ארויסשטעלן קאָלעקטיווע פאָלקס־אינטערעסן, זיינען עס געווען דע טאַמאַסאָס אַנהענגער, וואָס האָבן זי געשלעפּט אין דעם זומפּ פון דער קאָודיזשאָ־פּאָליטיק, צווישן די פּערסאָנאַליסטן און אַנטיפּערסאָ־נאַליסטן, כדי איינגאַנצן אָנצואווערן יעדן סאָציאַליסטישן פּרצוף. עס איז געווען אָנצוקוקן דעם אָרגאַן פון די דאָזיקע אָפּגעשפּאַלטענע, „לאַ ליבערטאַד", אויף צו איבערצייגן זיך וואוהין די דאָזיקע „סאָציאַליסטן" גייען.

אויב מען קען נאָך זאָגן, אַז די מלחמה האָט געבראַכט צו דער ערשטער שפּאַלטונג (דער זייער דערפרייענדיקער) קען מען שוין אָבער וועגן דער דאָזיקער לעצטער די מלחמה פאַר קיין פאַל נישט באַשולדיקן. שולדיק איז דאָ בפירוש די היימישע פּאָליטיק וואָס ציט איר שורש נאָך אַ סך אַ סך פאַר דער מלחמה, די קריאָזשאָ־פּאָליטיק, וואָס שטעלט פּערזענלעכע אינטערעסן און אַמביציעס העכער פון אַלץ, נישט נאָר פון די אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסן־אינטערעסן, נאָר אַפילו פון די נאָנטסטע מינדסטע כלל־אינטערעסן.

צווישן די ארויסגעטראָטענע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי בעת דער ערשטער שפּאַלטונג, זיינען זיכער געווען אויך אַ געוויסע צאָל קריאָזשאָ־סאָציאַליסטן, אַזעלכע וואָס האָבן געזוכט אין דער פּאַרטיי קאַריערעס, פּאָזיציעס, און אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן האָבן זיי אויסגענוצט די געלעגנהייט צו ווערן פירער, וואָרט־זאָגער. די דאָזיקע האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן אין דער נייער פּאַרטיי און זיי־נען אַוועק צוריק צו דער אַלטער, ווען מען האָט זיי פאַרגיטיקט. די ערנסטע זיינען פאַרבליבן און געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי,

וואָס מאכט דורך אין משך פון די עטלעכע יאָר גאַנצע דריי שפּאַל־טונגען.

וואָס איז דער מאָטיוו פון די אַלע דריי שפּאַלטונגען? די מלחמה? ניין: די רעוואָלוציע. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַרגענטינע טאַפּט נאָך איר וועג. עס זיינען פאַר איר נישט קלאָר נאָך אירע אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע פאָרמען, וואָס מוזן דאָך זיין צוגעפּאַסט צו אַ רעוואָלוציאָנע־רער אָרגאַניזאַציע, וואָס איר הויפּט כוח איז די דיסציפּלין, און עס זיינען פאַר איר נאָר אויך נישט קלאָר די וועגן פון דער רעוואָלוציע אין דעם יונגן לאַנד פון ערשט ווערנדיקע קלאַסן, אין דעם יונגן לאַנד פון אַפּאָליטישער טראַדיציע און קריאָזשאָ־פּאָליטיק אין די סינדיקאַטן. עס ווערן געמאַכט איבערגעאיילטע שריט, פעלערן, וואָס ברענגען אויך זייערע לעקציעס, זייערע דערפאַרונגען, זייערע שטודיום, זייערע אויפ־קלערונג. אַלאַ, וואָס זיי זיצן נישט אַלע ביים גן־עדן־טיש פון ברידער־לעכקייט און זיינען נישט נהנה פון דער זיו השכינה פון דעם סאָציאַ־ליסטישן אידעאַל, בין איך אייך ערב אַז דערפאַר וועלן זיי אַלע זיכער שטיין אויף איין באַריקאַדע אין קאַמף קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא. די נאָנטע געפאַר וועט זיי שוין פאַרייניקן, אויב זיי זיינען נאָר איבער־געגעבענע סאָציאַליסטן, און וועט זיי ווייזן דעם וועג פון דער רעוואָ־לוציע און דעם וועג פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, פּונקט ווי די נאָנטע געפאַר ברענגט צונויף די אַלע וואָס שטייען אינדרויסן און קוקן צו די העפטיקע וויכּוחים, די אָפּט נאַרישע אַרויסטרעטונגען און איבערגעאיילטע שפּאַלטונגען, וואָס ווערן זיכער נישט געמאַכט אויס דעמאָראַליזאַציע, נאָר אויס דעם באַגער צו געפינען דעם ריכטיקן וועג.

וואָס שייך די דעמאָראַליזאַציע וואָס די שפּאַלטונגען רופן אַרויס, געפינט זי זיך ביי די, וואָס קוקן אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווי אויף אַ באַוועגונג פון אויסבעסערן די זיטן.

.7

איידער ריידן וועגן די היגע שפּאַלטונגען אין דער סאָציאַליסטי־שער, קאָמוניסטישער און אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, וועל איך מיך

דעריבער אָפּשטעלן אויף דער מלחמה און איר מאָראַל, אָדער בעסער געזאָגט אויף דער מלחמה און דער באַציונג צו איר פון סאָציאַליסטן.

וואָס איז אזוינס א מלחמה?

אין די אַלטע צייטן און נאָך היינט ביי די ווילדע, איז עס אַן אונטערנעמונג פון דעם הויפּט, פון דעם פירער פונעם שבט, וואָס גייט אונטעריאָכן זיך דעם צווייטן שבט, כדי ארויפצולייגן אויף אים א צינז, אַן אָפּצאָל, אָדער צונעמען די זין פון זיין שבט פאר קנעכט און די טעכ־טער פאר קעפּס-ווייבער. גאנץ פּשוט, ווייל גאנץ פּשוט זיינען די עקאָנאָמי־שע אינטערעסן דעמאָלטיקע. דאָס פאָלק, דאָס הייסט, דעם הויפּטס סגעכט, זיינען געגאנגען אין מלחמה דערפאר, וואָס דער אנדער שבט איז אויך שטענדיק גרייט געווען צו מלחמה אויף צוצונעמען זיינע זין און טעכטער און ארויפצולייגן צינז אויף אים. די דאָזיקע אונטערנע־מונג פלעגט צוערשט געמאכט ווערן דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אָנ־געהויבן פילן ביים שבט א דוחק אין עסן, אין קנעכט און אין ווײַ־בער. נאָר אזוי ווי מיטן עסן קומט דער אפעטיט, האָבן די הויפּטן גע־נומען פירן מלחמות כדי צו אונטעריאָכן וואָס מער שבטים, וואָס מער שקלאפן און קעפּסווייבער צו פארמאָגן און צו זאמלען וואָס מער רייכ־טום. דער אויסדרוק פון אָט די אפעטיטן, זיינען די באקאנטע אין דער געשיכטע וועלט־אימפּעריעס בבל, גריכנלאנד און רוים, די פארפלײ־צונג פון די הונען אין 5טן יאָרהונדערט אין אייראָפּע, פון די וויזיגאָרן און פון די אראבער אין שפּאניע, די דעראָבערונגען פון שפּאניע אין אייראָפּע, אפריקע און אמעריקע, די אויסברייטערונגען פון רוסלאנד, פון פּוילן א.א.אוו.

טייל האָבן דאָס געטאָן אָפענערהייט אין נאָמען פון זייערע אפּע־טיטן און די קאזיאָנע געשיכטע שטעמפּלט זיי פאר בארבארן; טייל האָבן דאָס געטאָן אונטערן מאנטל פון ציוויליזאציע, ווי די גריכן און רוימער און טייל אונטערן מאנטל פון קריסטנטום, צו פארשפּרייטן גאָטס לערע אויף דער וועלט, און די קאזיאָנע געשיכטע באַזינגט די דאָזיקע ציוויליזאטאָרישע און פרומע מעשים פון די אימפּעראטאָרס און קעניגן.

ביי די ווילדע, ביי די בארבארן, איז מלחמה געווען זייער פּרנסה,

זייער עקאָנאָמישע באזע און דערפאר איז ביי זיי די מלחמה אליין גע־ווען זייער מאָראַל. ביי די ציוויליזירטע ספארטאנער וועלכע האָבן שוין געהאט קינסטלער און פילאָזאָפן, איז אויך מלחמה געווען די העכ־סטע מאראל און ארבעט א שאנד, פרייע בירגער האָבן געפירט מלחמה, שקלאפן האָבן געארבעט.

די פעלקער אָבער, וואָס זיינען שוין געווען באזעצט און זיך פארנומען מיט ערדארבעט און מלאכה, צי מיט האנדל, איז שווער געווען „אין נאָמען פון זייערע אינטערעסן" רופן צו מלחמה; זייערע אינטערעסן האָבן זיי געזען ביים אקער און ביים ווארשטאט און ביים ארומפאָרן מיט זייערע סחורות. צו זיי האָט מען באדארפט באשאפן א „העכערע מאָראַל" א „הייליקייט". די דאָזיקע מאָראַל האָט דעמאָלט געהייסן ג אָ ט. דער קעניג איז דער געזאלבטער פון גאָט און וואָס גאָט הייסט דורך זיין געזאלבטן, מוז מען טאָן און איז ביי איינעם נישט געווען שטארק געווען די דאָזיקע הויכע מאָראַל, ער האָט זיך גע־טראכט, למשל, גאנץ „מאטעריאליסטיש און קרעמעריש" וואָס איז דאָס פאר א הויכע מאָראַל, מ'שטיינס געזאָגט, אז זי הייסט מיר לאָזן אויף הפקר ווייב און קינד און דאָס שטיקל פרנסה און גיין פארלירן מיין לעבן? — האָט מען שוין געפונען צו אים א מיטל..

שפּעטער, אז גאָט האָט א ביסל אָנגעוואָרן פון זיין פּאָפּולאריטעט, האָט מען צונעשטעלט צו אים א צווייטע, העכערע מאָראַל שוין א וועלטלעכע, — דאָס „פּאָטערלאנד", פאר וועלכן מען דארף זיך מקריב זיין אָן שאלות, צי די דאָזיקע העכערע מאָראַל — פּאָטערלאנד האָט די מלחמה פארפירט אין די אינטערעסן פון די מאסן, צי אין די אינטע־רעסן פון די מאכטהאָבער. דערצו האָט מען נאָך איינגעפירט מלחמה גופא אלס פרנסה פאר א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג, דעם מיליטער־שטאנד פאר וועלכן מלחמה איז מהאי טעמא, שוין געוואָרן פונקט, ווי ביי די בארבארן און ציוויליזירטע ספארטאנער א העכערע מאָראַל. איר שפּילט אייך מיט דעם כבוד פון די וואפן!...

און אז דאָס „פּאָטערלאנד" האָט זיך צעשפּאָלטן אויף קלאסן און פארטייען — ווי דאָס איז שוין געווען בעת דער לעצטער אייראָפּעישער מלחמה — און עס איז שווער און טאָקע אויך געפערלעך דאָס איינ־

צוהאלטן מיט דעם כוח פון די וואָפן, מחמת דאָס קען ברענגען צו איגעווייניקסטע סכסוכים, צו בונטן, וואָס דאָס איז אין צייט פון מלחמה אַן אומגליק, האָט מען געמאַכט אַ נייעם „קאַמופלאַזש" (איך באַנוץ דאָ דאָס וואָרט, ווייל עס איז זייער פּאָפּולער געוואָרן אין דער לעצטער מלחמה) מען האָט גענומען די אידעאַלן פון דעם אויפגעוואַקסן פּאָלק פון דעם אָרימען קלאַס, וואָס קען אין מלחמה קיין אינטערעס נישט האָבן און מען האָט זיי אויפגעשריבן אויף דער פאָן פון דער מלחמה: „דעמאָקראַטיע", „באַפרייונג פונעם מיליטאַריזם", „די לעצטע מלחמה", „מלחמה קעגן מלחמות", און וואָס נאָך? אויב איר ווילט זיין זיכער אז מיר מיינען עס ערנסט שיקט אריין אין דער רעגירונג אייערע מענטשן, אייערע פירער פאַר מיניסטאָרן, מיר מאַכן „קאָאַלי-ציע", און אזוי ווי די מלחמה האָט טאַקע געגעבן פּרנסה אויך, ארבעט איז געוואָרן איבערן קאָפּ, מען האָט געארבעט וואָפן, מען האָט געאַר-בעט באַקליידונג און באַשוכונג פאַר דער ארמיי, מען האָט צוגעשטעלט שפּייז פאַר די מענטשן, הייצונג פאַר די דרעדנאָוטס, פּולווער פאַר די קאַנאָנען, ידיעות צוזאַמען מיט גיפטיקער קאַמופלאַזש-פּובליציסטיק פאַר דעם גרויסן עולם, איז דאָס געגאַנגען ווי געשמירט. די מאַכט-האָבער און דעראָבערער איז דער קאַמופלאַזש געלונגען. סאָציאַליסטן זיינען געוואָרן מיניסטאָרן, אפילו פון אַמוניציע, כדי אַ סוף צו מאַכן צו די מלחמות און באַפרייען די פעלקער... דעמאָקראַטיע, שמועסט מען דאָך נישט; אָט זיצן זיי דאָך, זיי, די דעמאָקראַטן אליין, אין דער רעגירונג. זיי האָבן געוואוסט, די מאַכטהאָבער מיט וואָס מען קאָן אָפּ־נאַרן דאָס פאָלק און אפילו זיינע פירער. מען נאַרט זיי מיט זייער אייגענער „הויכער מאָראַל".

צוערשט זיינען אריינגעפאַלן אין דעם קאַמופלאַזש די מאָראַליס־טישע און דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן, די הענדערסאָנס; די וואַנ־דערוועלדס און טאָמאַס און אַף זיי קוקנדיק שוין אויך אייניקע מאַרק־סיסטן מיט לייבטן באַנאַזש.

דאָס איז מכוח די סאָציאַליסטן אין די לענדער, וואָס זיינען אריינ־געצויגן געוואָרן אין מלחמה. אין די נייטראַלע לענדער, זיינען צווישן

דעם מין געווען סימפּאַטיזירער אויף איינער אָדער אויף דער צווייטער זייט.

נאָר אין צימערוואַלד, אין דער שווייץ, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע סאָציאַליסטישע ניכטערע קעפּ, וואָס האָבן זיך געראַד געפונען אין גלות, אויסער ווירקונג אין זייערע לענדער און האָבן אָנגענומען אַנטי־מלחמה רעזאָלוציעס, נישט אין נאָמען פון סענטימענטאַלן פּאַציפיזם און הויכער מאָראַל, נאָר אין נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער ניכטערקייט.

דער סאָציאַליזם איז דעמאָלט נישט צעשפּאָלטן געוואָרן, נאָר פּשוט אָפּגעוואָרגן געוואָרן. אין יענער צייט איז אין די מלחמה לענדער קיין סאָציאַליזם נישט געווען.

די צימערוואַלדער זיינען געווען ווייט פון יעדער ווירקונג, זיי זיינען געווען עמיגראַנטן. די גרעניצן זיינען אָפּגעשפּאַרט געוואָרן און פאַרבינדן האָט מען זיך נישט געקענט, נישט אַלע לענדער האָבן געהאַט דאָס גליק, ווי אַרגענטינע, צו בלייבן נייטראַל און אויך אָפּן פאַר אַלע ידיעות און אָפּן פאַר אַלע אָפּשפּיגלונגען פון דער גרויסער וועלט. די ניכטערע סאָציאַליסטן אין זייערע לענדער גופא, האָבן קיין לשון נישט געהאַט. די צענזור האָט נישט דערלאָזט עפּעס זאָגן קעגן מלחמה, נאָר פאַרקערט, אויב נאָר זי האָט געקענט מאַכן אַן איינדרוק אויפן פאָלק לטובת דער מלחמה מיט די ווערטער פון אַ סאָציאַליסט, האָט זי דאָס צעטראָגן מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ אין אַלע ווינקעלעך פון דער ערד.

נישט אַלזאָ, די „צעיושעטע מלחמה־חיה" האָט זיך אַריינגעריסן אין טעמפּל פון סאָציאַליזם און צעשטערט אין אים די הייליקייטן", וואָרום די מלחמה איז נישט קיין אַפּאָקאַליפּטישע, צעיושעטע חיה, אָן אַנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אינעם סאָציאַליסטישן טעמפּל, כדי צו צעשטערן די הייליקייטן זיינע, די מלחמה איז אַ זאַך, וואָס ניכטערע סאָציאַליסטן דאַרפן וויסן וואָס אַזעלכעס זי איז. מלחמה איז דער אַפּעטיט פון די רעגירנדע (הייגט איז דאָס דער גרויס־קאַפּיטאַל), אויסצושפּרייטן זיי־

ער ממשלה (היינט הייסט דאָס עקספּלואטאציע); זיי באנוצן זיך דער־
צו מיט דעם לעצטן וואָרט פון דער טעכניק, פון דער וויסנשאפט, מיט
זייער מאכט און אויך מיט דער הויכער מאָראל, מיט דער
גלויביקייט, הייסט עס, און מיט דער נאַיוויטעט פונעם פאָלק
און פון די מאָראליסטן. — נישט אלזאָ די מלחמה־פירער האָבן
צעשטערט, נאָר פארקערט, זיי זיינען זייער גערן געווען אָט דעם
טעמפּל מיט זיינע הייליקייטן. נאָך היינט, ווען די רעוואָלוציע, וועלכע
האָט זיך אויף אזוי פיל דערנענט א דאנק דער זעלבער מלחמה, האָט
צעבראָכן דעם טעמפּל מיט זיינע הייליקייטן, מיט זיין פארפירערישער
הויכער מאָראל, האלטן אויף די רעגירער מיט גוטע שטעלעס די סאָ־
ציאליסטישע מאָראל־פּרעדיקער. פאר זיי איז זייער וויכטיק אז דער
סאָציאליזם זאָל זיין א מאָראל־אידייע, און נישט קיין אויסניכטערונגס
מיטל, ער זאָל זיין א היפּנאָז און נישט קיין כירורגישער לאנצעט, וואָס
ווייזט די אינגעווייד פון דער געזעלשאפט.

די מלחמה האָט געקראכט אויף דעם רוסישן פראָנט, דערפאר,
וואָס דאָרט האָט די „הויכע מאָראל" אָנגעוואָרן איר ווירקונג. נישט
דער היפּנאָז פון גאָט און נישט פונעם „פאָטערלאנד" האָבן געקענט
איינהאלטן יענע אנגעליטענע מאסן אהיימצולויפן צו זיך אהיים, צום
אקער און צום ווערקשטאָט און צו ווייב און קינד, און דער היפּנאָז
פון וואנדערוועלדס און טאָמאס הויכער מאָראל האָט דאָרט נישט שולט
געווען, דער היפּנאָז פון קערענסקי מיט די מענשעוויקעס, וואָס האָט
זיי געוואָלט אויפהאלטן אויפן פראָנט, איז שוין געקומען צו שפּעט.
א פארזען געווען מצד דער אנטאנט, וואָס זי האָט אזוי שפּעט גענומען
פארזאָרגן דעם מזרח־פראָנט מיט דער „הויכער מאָראל" פון דעם סאָ־
ציאליסטישן סאָרט.

דאָס פאָלקסוואָרט „נישטאָ קיין שלעכטע זאך וואָס זאָל מיט זיך
קיין גוטס נישט ברענגען", קען גאנץ דרייסט אָנגעווענדט ווערן צו
דער מלחמה. זי האָט געקאָסט בלוט און א סך קרבנות, נאָר אראָפּגעריסן
האָט זי דעם שלייער פון א סך הייליקייטן און צווישן זיי געהאָלפן
אראָפּרייסן אויך די הייליקייט פונעם סאָציאליזם. קעמפן מיט הויכער
מאָראל קעגן קאפּיטאליזם און זיין קעגן דעם פאשיזם, איז פּונקט

ווי אקעגנגיין א גזלן מיט דעם פסוק, „אל תירא עבדי יעקב״. אויב מלחמה קעגן מלחמה, דארף דאָס זיין די סאָציאליסטישע מלחמה קעגן דער קאפיטאליסטישער, מיט א ניכטערן פארשטאנד און מיט שארפן געווער.

און צי האָבן מיר דען נישט דעם ראטנפארבאנד א דאנק דער מלחמה!

מאכן מאכט די מלחמות דער קאפיטאליזם, נאָר דער סאָציאליזם דארף זיי אויסנוצן סיי אלס לערע, סיי אף צו בויען אויף דעם חורבן נייע לעבנס-פאָרמען.

און דאָס קען מען טאָן דעמאָלט ווען מען קוקט נישט אויף איר ווי אויף אן אפּאָקאליפּטישער צעיושעטער חיה, נאָר ווי אויף א דערשיי-נונג וואָס שטראָמט ארויס פונעם קאפיטאליזם און פירט צו זיין איי-גענעם אונטערגאנג; דאָס קען מען טאָן נישט דעמאָלט, ווען מען זעצט זיך זאָגן קנות אויף דעם פארשווינדן פון דער הויכער מאָראל און היי-ליקייטן פונעם סאָציאליזם, נאָר ווען מען באנוצט זיך מיט דער גע-לעגנהייט צו שטודירן די אינגעווייד פון דער געזעלשאפט, וואָס איז א דאנק דער מלחמה פונאנדערגעלייגט געוואָרן אויפן פאלמעס-טיש.

## 8.

אין זיין לעצטן ארטיקל איז שוין חבר וו. מודה אז די רעוואָלו-ציע האָט צעריסן די איינקייט פון די סאָציאליסטישע פארטייען. אָבער אין טאָן פון א פאָרוואורף פרעגט ער: „פארוואָס האָט נישט די רעוואָלוציע, וואָס טראָגט און קומט פארווירקלעכן דעם סאָציאליסטישן אידעאל — דעם אידעאל פון פרייהייט, פון גערעכטיקייט, פון שיינ-קייט — נישט פאראייניקט די סאָציאליסטישע באוועגונג און די פּראָ-לעטארישע, נאָר נאָך מער זי צעריסן און צעשפּליטערט? פאר וואָס האָט מען נישט פאָרויסגעזען אז אזא צעריסנקייט און צעשפּליטערונג קען נאָר שאָדן דער רעוואָלוציאָנערער זאך און נוצן פאר דער רעאַק-ציע?״

„זיינען דאָך — זאָגט ער ווייטער — אין דער רעוואָלוציאָנערער

עפּאָכע, אין די נאָכמלחמה יאָרן (האָט שוין די מלחמה יאָ געבראַכט רעוואָלוציע!... — פּ. ק.) די רעגירונגס מאַכטן געווען צום גרעסטן טייל ביי סאָציאַליסטן און אַרבעטער אין די הענט א.א.וו. און ס'איז דעריבער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע מעגלעך געווען א סך מער צו דערגרייכן...

אָבער מודה איז ער עס, כדי צו זאָגן אז שולדיק אין דער צוריסנ־קייט און צעשפּליטערונג אין דער „גאָלאָפּ" פון די באָלשעוויקעס אין „מיליטערישן קאָמוניזם" און די 21 פּונקטן פונעם דריטן אינטער־נאַציאָנאַל.

עס זיינען נאָר געווען א פּאָר פאַקטן אויף צו איבערצייגן זיך אז שולדיק זיינען נישט די „כאַפּ־לאַפּ און גוואַלד מעטאָדן" (וועלכע? דאָס איבערנעמען די מאַכט פאַר די אַרבעטער און פּויערים? דאָס איינפירן דעם ראַטן־סיסטעם?) נאָר אָט די סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט אין זייערע הענט די מאַכט אין עסטרייך, דייטשלאַנד א.א.וו. און האָבן פאַראַטן די אַרבעטער. אין יאַנואַר 1918, בשעת די שלום־אונטער־האַנדלונגען אין בריסק, איז דער עסטרייכישער אַרבעטער־קלאַס ארויס אין א סטיכישן שטרייק כדי צו שטיצן די רוסישע רעוואָלוציע קעגן דעם עסטרייכישן און דייטשן מיליטאַריזם. דער שטרייק האָט דאַן אָנ־גענומען ערנסטע פאָרמען און עס האָט זיך געדאַכט, אז אָט אָט פאַלט זיך פונאַנדער די האַבסבורגישע מלוכה, עס הייבט זיך אָן אין עסטרייך די עפּאָכע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דאָ איז אונטערגעקומען דער מעכטיקער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַפּאַראַט און עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו דערשטיקן דעם רעוואָלוציאָנערן שטרייק, און מיט 9 חדשים שפּעטער אליין איבערגעגעבן די מאַכט די קריסטלעך סאָציאַלע, ד. ה. דער קלעריקאַל־בורזשואַזער דיקטאַטור, וועלכע הערשט ביז היינטיקן טאָג אין עסטרייך.

מען דאַרף פּשוט נעמען און פאַרזוקן דעם זכרון אין טשאָלנט, פאַרראַטן דעם אייגענעם זכרון, אויף נישט צו געדענקען דעם פאַרראַט פון נאָסקע־שיידעמאַן אין יאַנואַר 1919 קעגן דעם דייטשן אַרבעטער קלאַס, דעם פאַרראַט פון אָט די „סאָציאַליסטן", וואָס האָבן דער־

טרונקען אין בלוט די דייטשע רעוואָלוציע און צעשאָסן אירע פירער, קאַרל ליבקנעכט און ראָזא לוקסעמבורג.

מען דאַרף פשוט נעמען און פאַרגעסן, אַז די אונגאַרישע פויערים און אַרבעטער־מלוכה אונטער דער אָנפירונג פון בעלא קון, האָט אומזיסט געוואַרט אויף דער שטיצע פון דעם עסטרייכישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל שאַפן די בריק צווישן אונגאַרן מיט רוסלאַנד. דאָס איז ווידער א פאַקט פון פאַרראַט מצד דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, באַזונדערס פון פריץ אַדלער, וואָס האָט גענאַרט די אַרבעטער־שאַפט מיט זיין „רעוואָלוציאָנעריזם".

מען דאַרף פשוט זיין בלינד צו דער נאַנצער שאָוועניסטישער אַקטוּאַציע פון די פּוילישע סאָציאַליסטן, די פּ.פּ.ס. בעת דער מלחמה און נאָך איר צו זייער אומקאָנדיציאָנעלן שטיצן די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער שליאַכטע, אויף צו נעמען זיי אַלס רעוואָלוציאָנערן פאַקטאָר; דאָס זעלבע די „סאָציאַליסטישע" רעגירונגען פון די באַלטישע לענדער, אויף דינסט ביי דער אַנטאַנט, וועלכע האָט זיי אויפגעשטעלט אַלס זשאַנדאַרן קעגן דער רעוואָלוציע, וואָס קומט פון מזרח, אַלס די באַרימטע שטעכיקע דראָטן, אַלס די בלאָקן פון דער בלאָקאַדע קעגן סאָוועטרוסלאַנד און אַלס טויערן פאַר דער אינוואַזיע פון זייערע געקויפטע רוסישע גענעראַלן.

זייענדיק אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע „סאָציאַליסטן", איז עס אַן עוולה געווען וואָס דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט נישט געטרויט יעדן איינעם וואָס רופט זיך סאָציאַליסט און האָט „זיך אויפגעהויבן" קעגן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ד. ה., גערופן די אַרבעטער צו שאַפן רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָס טרעטן אַריין אינעם אינטערנאַציאָנאַל פון דער רעוואָלוציע?! איז עס אַן עוולה, וואָס דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך געגרינדעט צוליב דער וועלט־רעוואָלוציע, האָט געפאָדערט אַז די מעשים פון די אָנגעשלאָסענע אין אים פּאַרטייען, זאָלן זיין איינהייטלעכע, זאָלן זיך איינס דאָס אַנדערע שטיצן און נישט פאַרראַטן?! איז עס אַן עוולה, וואָס דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געפאָדערט פון די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געוואָלט אָנשליסן אין אים, זיי זאָלן אויסשליסן פון זיך די

וואקלדיקע, די וואס שטייען נישט מיט ביידע פיס אויף דעם שטאנד־פונקט פון רעוואלוציע?! און אויב די רעוואלוציאנערע סאציאליסטן האבן געזעען? אז דער אמסטערדאמער אינטערנאציאנאל פון די פראפעסיאנעלע פאריינען איז א ווערקצייג אין די הענט פון די זשואס און טאמאס, פון די פעלקער-ליגע-סאציאליסטן, וואס האלטן אפ די ארבעטער פון יעדער רעוואלוציאנער־פאליטישער אקציע און שטעלן זיי צו דינסט דער פעלקער־ליגע, וועלכע באנוצט זיך מיט אירע „ארבעטער געזעצן” אלס פייגנבלאט פאר אירע אימפעריאליסטישע צוועקן, — האבן די רעוואלוציאנערע סאציאליסטן, פאר וועלכע די פראפעסיאנעלע פאריינען זיינען דער גרסטער פאליטישער כוח, באדארפט מוחל זיין אויף דעם כוח?

ביי חבר וו. קומט אוים אז די 21 פונקטן האבן געטריבן די סאציאליסטישע פארטייען רעכטס און האבן געהאלפן סטאביליזירן דעם קאפיטאליזם. די פאקטן דערציילן אבער, ווי איך האב שוין אנגעוויזן, אז צוריקגעשטעלט די מאכט פון דער בורזשואזיע האט די סאציאלדעמאקראטיע, וועלכע האט זיך געשטעלט אלס ציל נישט דעם סאציאליזם, נאר די בורזשואזע דעמאקראטיע, און האט מורא באקומען אז די רעוואלוציע שאפט אפ אט די דעמאקראטיע.

פונקט ווי זיי, זעט נישט חבר וו. אז דאס ראטנסיסטעם איז א פיל העכערער און פולקאמענער אויסדרוק פון דער דעמאקראטיע, ווי די פארלאמענטארישע. די ראטן-דעמאקראטיע איז דער אויסדרוק פון דער ארבעטער און פויערים־הערשאפט, בעת די פארלאמענטארישע דעמאקראטיע איז דער אויסדרוק פון דער בורזשואזער הערשאפט.

און פונקט ווי זיי, מאכט זיך חבר וו. נישט וויסן, אז דעמאקראטיע, וועלכע איז די שאפונג פון דער בורזשואזיע, ווערט נישט אפגעשאפט פון איר, מחמת זי נעמט א לעקציע ביים באלשעוויזם, נאר מחמת זי לוינט איר מער נישט.

די בורזשואזיע האט איינגעפירט די דעמאקראטיע אלס מיטל צו פארטרייבן פון דער הערשאפט די פעאדאלן, און אז די דעמאקראטיע האט זיך אזוי צעוואקסן, אז זי מאכט מעגלעך דאס קומען צו דער מאכט דעם ארבעטער קלאס, כאפט די בורזשואזיע באציטנס און שאפט אפ

דאָס אַמאָל נויטיק געוועזענע מיטל. אַפילו אין געוויינלעכע צייטן, האָט די פּאַרלאַמענטאַרישע קאָנסטיטוציע אַזאַ פּונקט וואָס ניט זי מעגלעכקייט דעם קעניג אָדער דעם פּרעזידענט פונאַנדערצוטרייבן דעם פּאַרלאַמענט און אָפּשאַפן אַלע פרייהייטן און גאַראַנטיעס פאַר די בירגער.

פונדעסטוועגן, האָבן די קאָמוניסטן באַוויזן, אַז דאָרט וואו עס שטייט אין געפאַר אַפילו די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, כל זמן עס איז נישטאָ קיין אויסזיכט צו פאַרבייטן זי מיט דער אַרבעטער פויערישער ראַטנדעמאָקראַטיע, שטעלן זיי זיך איין פאַר איר. ווען אין דייטשלאַנד איז די רעפּובליק געשטאַנען אין געפאַר ערב זיי וואַלן, וואָס האָבן געבראַכט צו דער מאַכט הינדענבורגן, האָבן די קאָמוניסטן דעמאָנס־טרירט און פּראָטעסטירט אַ סך העפטיקער ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דער קאָמוניסטישער קאַמף קעגן פאַשיזם איז שטענדיק געווען און איז פיל שטאַרקער. אין דעם קאַמף מיט דעם פאַשיזם שטעלן זיי אַרויס די פאָדערונג פון אַ פאַראייניקטן פראָנט. צוליב דעם די אייניקייט. נישט צוליב „שבת אחים“.

אַז מען קוקט אויף דעם ראַטנסיסטעם ווי אויף אַ רעאַקציע, אַ צוריקטריט פון דער דעמאָקראַטיע צו זעלבסטהערשאַפט, איז עס גאַנץ פאַרשטענדלעך אַז מען זאָל זי פאַרגליכן מיט פאַשיזם, און דעם קאַמף פון די באָלשעוויקעס קעגן פאַשיזם באַטראַכטן אַלס צביעות. אָבער, חבר וו. מיין איך, האָט זיך פשוט קיין חשבון נישט אָפּגעגעבן, וואו־הין זיין מאָראַל און זיין הייליקע דעמאָקראַטיע פאַרשלעפּן אים, אַוועק־זעצן זיך אויף איין ברעט מיט די בורזשואַזע שרייבער וואָס שטעלן אַרויס די באָלשעוויקעס אַלס די צעברעכער פון דער פאָלקס הער־שאַפט, וואָס די בורזשואַזיע איז איר באַשאַפערן און „אויפהאַלטערן“.

חבר וו. מיינט, אַז „אַ צוזאַמענרעדונג, אַן איינפאַרשטייאונג און צוזאַמענאַרבעט מיט אַלע סאָציאַליסטישע און פּראָלעטאַרישע כוחות וואָלט אָפּגעהאַלטן אַבִיסל די רוסישע רעוואָלוציע פון איר גאַלאָפּ אַריין אין „מיליטערישן קאָמוניזם“, דערפאַר וואָלט אָבער אויך די רוסישע

רעוואָלוציע פאַרשפּאַרט איר צוריקצוג צו אַ טײלווייזן קאַפּיטאַליס־טישן רעזשים איינצופירן מיט די אייגענע הענט.

חבר וו. לעבט פשוט אין טעות, ער מיינט אַז „מיליטערישער קאָ־מוניזם“, איז עס דער קאָמוניזם וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט איינ־געפירט אויף אַ מיליטערישן אופן, צוליב דעם קאָמוניזם, אָדער סאָציאַ־ליזם. מיליטערישער קאָמוניזם, ח׳ וו., איז איינגעפירט געווען נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין דייטשלאַנד, און איינגעפירט האָט אים דאָרט, איר ווייסט ווער? — ווילהעלם, ציִ הינדענבורג און דערפון נעמט זיך טאַקע דער נאָמען מיליטערישער קאָמוניזם. איר געדענקט אוודאי די ברויט־קאַרטן און פוטער־קאַרטן, קאַרטאָפל־קאַרטן און אַזוי ווייטער.

ווען רוסלאַנד איז בלאָקירט געווען פון אַלע זייטן און אינעווייניק איז אָנגעגאַנגען בירגער־קריג, אומצוטרוי און סאַבאָטאַזש, און מען האָט נישט געקענט אַריינפירן און נישט געקענט אינעווייניק באַקומען גענוג שפּייז פאַר דער באַפעלקערונג, האָט מען איינגעפירט, פּונקט ווי אין דייטשלאַנד אין מלחמה־צייט, דעם „פּאַיאָק“. כדי צו ברעכן דעם סאַבאָטאַזש, וואָס איז געשטיצט געוואָרן פון די דעמאָקראַטישע און הויף־מאָראַלישע סאָציאַליסטן, האָט מען אַרויסגעלאָזט דעם לאָזונג „ווער עס אַרבעט נישט, דער עסט נישט“, און אַז איינער האָט אויס־באַהאַלטן פּראָדוקטן אויף צו שפּעקולירן מיט דעם הונגער, האָט מען אים „צוגעשטעלט צו דער וואַנט“. מען האָט רעקווירירט שפּייז, דירות, מען האָט מאָביליזירט, פּונקט ווי אין מלחמה, וואָרום אין דער אמתן איז דאָך רוסלאַנד געווען אין מלחמה, אָדער נאָך ערגער, אין באַלאַגע־רונגס צושטאַנד. אינעם „מיליטערישן קאָמוניזם“ ווערט נישט אַריינ־גערעכנט די סאָציאַליזאַציע פון דער שווערער אינדוסטריע, פון די טראַנספּאָרט־מיטלען, פון די אונטערערדישע רייכטימער. ביים אָפּשאַפן דעם „מיליטערישן קאָמוניזם“, האָט מען די סאָציאַליזאַציע פון די רייכ־טימער, פון דער אינדוסטריע און פון די טראַנספּאָרט־מיטלען נישט אָפּגעשאַפט. אָפּגעשאַפט האָט מען דעם „מיליטערישן קאָמוניזם“, ווען ער איז מער נישט נויטיק געווען, ווען די בלאָקאַדע און די געפאַר פון אינוואַזיע מצד די ווייס־גוואַרדייער און זייערע חברים די רוסישע סאָ־

ציאַל-דעמאָקראַטן און רעכטע „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן", איז דער־ווייטערט געוואָרן. די מ אָ ס מ י ט ל ע ן, וואָס די ראַטנמאַכט האָט אָנגענומען קעגן די ספּעקולאַנטן און סאַבאָטירער און פאַר דער באַזאָר־גונג פון די אַרבעטער און אָרימער באַפעלקערונג, זיינען פאַרשטייט זיך געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי די מאָסמיטלען פונעם דייטשן מיליטערישן קאָמוניזם, און די אַרבעטער האָבן זיך אין זיי געפילט גאַנץ גוט, און עס איז קיין חידוש נישט וואָס אַ סך אַרבעטער האָבן דערין געזען דעם קאָמוניזם, און דאָס אָפּשאַפן די מאָסמיטלען, ווי אַ טראַגעדיע. דער סאָציאַליזם וואָס לענין האָט אָוועקגעשטעלט אַלס פּראָגראַם פאַר ראַטנפאַרבאַנד באַשטייט אין דער סאָציאַליזאַציע, אין דער קאָלעקטיוויזירונג פון דער אַרבעט, אין דער קאָאָפּעראַציע, אין דער דערנענטערונג פון שטאָט און דאָרף, און דאָס ווערט געטון אין ראַטנרוסלאַנד פון זינט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

איינפאַרשטיין זיך מיט די אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָלט געהייסן, ווי זיי, קאַפּיטולירן פאַר דער בורזשואַזיע, אַריינלאָזן דעניקינען, יודעניטשן, און אויב נישט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, איז ווייניקסטנס מיליוקאָוון מיט מאַקלאַקאָוון. איינפאַרשטיין זיך מיט די אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָלט געהייסן, דולדן פּעטליוראַס הערשאַפט אין אוקריינע (פּעטליורא איז געווען אַ סאָציאַליסט), די הערשאַפט פון די פּאָלקיסטן אין ווייסרוסלאַנד, פון דעטערדינגס נאַפטדעמאָקראַטן אין גרוזיע א. א. וו.

ווען מען קען נאָך נאַרן, נאָר די באָלשעוויקעס קען מען שוין מיט דעמאָקראַטיע און מאָראַל נישט נאַרן, זיי ווייסן צו גוט וואָס הינטער די ווערטער שטעקט געוויינלעך: צביעות, פּחדנות אָדער... נאַאיוויטעט.

.9

„רעוואָלוציע — וואָס איז דאָס אַזוינס? — פרעגט צום סוף חבר וו. — צי איז דאָס אַ פּראָצעס פון באַנייאונג, פון בעסערונג, פון פאַרשענערונג, פון דערהויבונג, אָדער ס'איז שויבנברעכעריי, גאָרגל־געשריי,

גוואַלד, אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג? און ער פסקנט: „אויב רעוואָלוציע איז דאָס ערשטע (און אַזוי גלויבן מיר איז דאָס), איז זי מאָראַליש און שיין און עס איז אַנטירעוואָלוציאָנער דאָס צווייטע, ווייל עס איז אוממאָראַליש און העסלעך".

אָט דער איינער זאַץ, וואָלט דאַכט זיך גענוג געווען אויף צו פאַרשטיין חבר וו.ס געדאַנקען גאַנג, און אויך די סיבה פון זיין פאַרבלאָנדזשען אין די ספערן פון דער „העכערער מאָראַל". דער דאָזיקער צוגאַנג צו דער רעוואָלוציע דערמאָנט אונדז אין דער פאָלקס ווערטל: „אויך מיר אַ מלאכה צו זיין אַ בעקער, מע נעמט אַ טייגל און מע מאַכט אַ בייגל". די רעוואָלוציע — טראַכט זי חבר וו. — נעמט מען און מע מאַכט זי, טאָ פאַרוואָס זשע זאָל מען זי מאַכן אַזוי פאַרטאַטשיש, מיט אַזוי פיל שויבנברעכעריי און גאָרגל-שרייעריי, גוואַלד, אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג, אַז מען קען זי נעמען און מאַכן פיינטשיק און שטילטשיק, מיט דער שענסטער מאָראַל, אַז גאָט און לייט זאָלן איר מקנא זיין, אַז די קאַפּיטאַליסטן זאָלן נעמען און אויסשרייען כולם פה אחד: „מיר זעען אַז די רעוואָלוציע איז אַ פיינע זאַך, זי וויל ברענגען דאָס העכסטע גליק אויף דער וועלט, נאַט, זייט מוחל, חברים סאָציאַליסטן, און נעמט איבער ביי אונדז די מאַכט צום וואויל און גליק פון דער מענטשהייט און פון דער העכערער מאָראַל...

די רעוואָלוציע אָבער, חבר וו., וואָס איר ענדציל איז דאָס שענערע און בעסערע לעבן פאַר די אַרבעטער, דורך דער באַפרייאונג פון דער אַרבעט, איז פאַר אַלעמען אַ דעציזדירנדיקער מאָמענט אינעם קלאַסן קאַמף, וועלכער איז אַ אומאויפהערלעכער פּראָצעס, וואָס שטראָמט אַרוים נויטווענדיקערווייזע פון די לעבנס באַדינגונגען און לעבנס פאַרהעלטענישן. די קאַמפסמיטלען פון דעם הערשנדיקן קלאַס זיינען אומבאַגרעניצט: קריגסצושטאַנד, לאָקאַוטן, גוואַלד און אונטערדריקונג, אים צו הילף שטייען מעכטיקע אַפּאַראַטן פון מיליטער, פון פּאָליציי, פון שפּיאָנאַזש, פון פּאַטריאָטישע און פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, פון דער בורזשואַזער פּרעסע מיט אירע פאַרקריפּלונגען, שקרים און בילבולים. צו אָט די אַלע קאַמפסמיטלען, קומען נאָך צו די פאַררעטער פונעם אַרבעטער קלאַס, אויך „סאָציאַליסטן", וואָס שטייען נישט אָפּ

מיט זייערע פארלוימדונגען, שקרים און בילבולים אויף דער רעוואָלו־ציע, פון די קאפיטאליסטישע ספעציאליסטן אויף דעם געביט. די רע־וואָלוציע אליין, אָט דער דערציִדירנדיקער מאָמענט אינעם קלאסן קאמף, איז אויך פול מיט איבעראשונגען, נישט פאראויסגעזעענקייטן, מיט אַזעלכע קרומע וועגן. די רעוואָלוציע איז נישט קיין אָפּשניט, א מין מעזשע וואָס טיילט אָפּ ווי מיט א מעסער איין אָרדענונג פון דער צווייטער; פונקט ווי איר אָנהויב ציט זיך זייט דעם אָנהויב פון דער אָרדענונג וואָס זי זוכט צו פארבייטן מיט אַן אַנדערער, פונקט אַזוי בלייבט אין איר הערשן אין אַלץ אַ שוואַכערער פאָרם, פארשטייט זיך, די פון איר באַקעמפטע אָרדענונג, איין עפּאָכע גיסט זיך אריין אין דער צווייטער, די צווייטע אין דער ערשטער מיט איר געבורט, די ערשטע אין דער צווייטער מיט איר ירושה, נישט נאָר מיט אירע גוצלעכע דערפאַרונגען און דעראָבערונגען, נאָר מיט איר שטייגער פון לעבן, מיט אירע קאָמפּסמיטלען, פונקט ווי מיט אירע ארבעטס־מיטלען און שיין וואָלט אויסגעזען דער ראטנפארבאנד, ווען ער האָלט נישט גרייט די רויטע ארמיי, ווען ער פארגרייט זיך נישט מיט די כעמישע שטאָפן, מיט עראָפּלאַנען, מיט דער גאַנצער מלחמה־טעכניק, אויף צו קענען אָפּשלאָגן דעם שונא, וואָס הערט גאָר נישט אויף צו לויערן אויף אים.

„מען זאָגט — גיט צו חבר וו. — אַז די רעוואָלוציע איז ווי די געבורט פון א קינד, וואָס קען נישט געבוירן ווערן אָן ווייטיק". און ער איז דערויף מסכים, אָבער באלד ווי דאָס קינד ווערט געבוירן — זאָגט ער — וואַשט מען עס אָרום און אַזוי ווייטער. ווי איז אָבער דער דין, חבר וו., אַז די רעוואָלוציאָנערע ווייען האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט און מען מוז מאַכן געוויסע אָפּעראַציעס דער געווינערין? ווי איז דער דין אַז צו דער רעוואָלוציע־געבורט — ריידנדיק אַלץ מיט דעם משל פון חבר וו. — שאַרן זיך אַזוי פיל באָבעס פון וועלכע דאָס קינד קען חלילה אומקומען? אָט, למשל, איז די רעוואָלוציע אינעם ראטנפארבאנד פארגאַנגען אין טראָגן פון דער פארייניקונג צווישן די 80 פּראָצענט פּויערים און לאָמיר זאָגן 5 פּראָצענט ארבעטער, קומט איצט צוגיין איינע פון די באָבעס, לאָמיר זי אָנרופן טראָצקי, און זוכט צו מאַכן א בייז לעבן צווישן זיי, אפשר מיט די בעסטע כוונות, ער וויל מען זאָל

מקריב זיין אַ שטיק רעוואָלוציע דעם קאַפּיטאַליזם, צוליב דער אינ-דוסטריאַליזאַציע. נעמען אַנדערע באַבעס, בוכאַרין, למשל, און זאָגט, אַז אויב מקריב זיין דאַרף מען בעסער פאַר די רייכערע פּויערים; זאָלן זיי זיך אַרויפאַרבעטן, וועלן זיי ליב באַקומען די רעוואָלוציע, און סטאַלין, ווידער, מיינט גאָר, אַז די קאָלעקטיוויזאַציע וועט ראַטעווען די רעוואָלוציע, מען זאָל פון איר גאָר נישט דאַרף מקריב זיין.

ווער נעמט זיך איצט אָן פאַר טראָצקין? אָט די וואָס וואָלטן גע-וואָלט זען די רעוואָלוציע אויסגיין אין אירע ווייען. די קאַפּיטאַליס-טישע פּרעסע, די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס דינט דער בורזשואַ-זיע צו אַלע אירע באַדערפענישן. אַלע ריידן זיי אין נאָמען פון מאָראַל און אפילו... אין נאָמען פון טראָצקיס רעוואָלוציאָנערע פאַרדינסטן.

וואָלט דען נישט טראָצקי — ווי דאָס האָט שוין געטון קאַמענעוו — באַדאַרפט זיך אויסדרייען צו אָט די פּאַרטייידיקער זיינע און אָנ-שפּייען זיי אַ פול פּנים: אוועקט פאַרסאַנטן! מיינע כוונות זיינען לטובת דער רעוואָלוציע און אייערע זיינען איר לרעה.

אגב, וואו האָט דאָס חבר ט. גענומען אַז די „פּאָזיציע", דאָס הייסט די מערהייט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי „זעט איצט איין די ווירקלעכקייט, וועלכע די „מענשעוויקעס" פון רוסלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט האָבן געזען מיט צען יאָר צוריק"? וואָס פאַר אַ ווירקלעכקייט האָבן דען די מענשעוויקעס געזען אַ חוץ זייער אייגענער פּחדנות פאַר דער רעוואָלוציע און אַ חוץ זייער אייגענער אָנגעקנופּט-קייט צום בורזשואַזן נאָפּל, און טאָקע זייער גרויסע מורא פאַר דעם פּויערטום; וואָס איז פון די באָלשעוויקעס צוגעצויגן געוואָרן צו דער רעוואָלוציע! אויב ווער האָט זיך דערנענט צו די מענשעוויקעס, איז דאָס דעריבער טראָצקי, וועלכער האָט מורא אַז די פּויערים זאָלן נישט פאַרטרייבן די אַרבעטער פון דער מאַכט. אין דער לעצטער צייט, שוין זייענדיק אין גלות, האָבן די רוסישע מענשעוויקעס אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם, פּונקט ווי אַלע אַנדערע רוסישע גלות-פּאַרטייען, אויף דעם פאַל פון איבערנעמען די מאַכט (הוילע טעאָרעטיקע, צו רעוואָלוציאָ-נערע מעשים זיינען זיי קיינמאָל נישט פעאיק געווען) און אין דעם פּראָגראַם האָבן זיי קעגן זייער ווילן נאָכגעגעבן

דעם איצטיקן מאָמענט און געגעבן געוויסע פּריווילעגיעס אויך די פּויערים. (זעט וועגן דעם אין איינעם פון די נומערן „צוקונפט" פון פאַרגאַנגענעם יאָר אין אַן אַרטיקל איבער די פּראָגראַמען פון די רוסישע גלות־פּאַרטייען. (פּ. ק.).

פון דעם זעלבן משל וואָס חבר ו. האָט געבראַכט, קען מען ציען פּונקט דעם פאַרקערטן שלוס; אַז מען קען טאַקע נישט באַשולדיקן די רוסישע רעוואָלוציע אין דעם וואָס אויף איר עלפטן יאָר איז נאָך דאָרט נישטאָ קיין פּלאַץ נישט נאָר פאַר דער „מיינונגס פרייהייט" און „פּרעסע פרייהייט" פון די געבענטשטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואו מיינונגען און פּעדערס ווערן געקויפט אויך אַזוי פריי, נאָר אַפילו נישט פאַר אַנדערע „סאָציאַליסטישע" פּאַרטייען און טאַקע דערפאַר, ווי חבר ו. מערקט אָן זייער ריכטיק, ווייל „*עס איז נישט א פראַגע פון געוויינלעכע פּאַרטיי־דיסציפּלין, נאָר עס איז אַ פּראַגע פון מלוכה רעזשים*", דער רעזשים פון דער רעוואָלוציע, וואָס טאָר זיך נישט צעפּליאַסקעדריגען מיט קיין סענטימענטן.

וואָרום, איר זעט, חבר ו., אָט די אַלע גוטע זאַכן וואָס איר רעכנט אויס צום סוף, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויפגעטון וואָלט ביי אַזאַ לויזקייט ווי איר שטעלט זיך פאָר, קיין שפּור דערפון נישט געווען, און ווער ווייס צי וואָלט נישט איצט געהערשט דאָרט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און צי וואָלט ער דאָרט נישט געמאַכט אַ שטראָף־עקספּעדיציע איבער די אַרבעטער און פּויערים, איבער די אידן און אוקריינער און איבער אַלע די וואָס האָבן געהאַט די העזה און אַנדערע דאָס *אומגליק* צו ווען ענדערן די אָרדענונג אין רוסלאַנד.

אַ מאָדנע באַשעפעניש די רעוואָלוציע, אין איין האַנט האַלט זי די פאָן פון שיין לעבן און מיט דער אַנדערער האַקט זי קעפּ און פאַרשיקט די וואָס זיינען מיט איר נישט איינשטימיק. מיט איין האַנט פאַרייניקט זי די מאַסן און די פעלקער און מיט דער אַנדערער צעשפּאַלט זי און צעשפּליטערט און וואַרפט אַרויס ווי אומנוצלעכע כלים די פאַרשידנסטע אידעאָלאָגן מיט זייערע „רעוואָלוציאָנערע רעצעפּטן.

אַלאָ, דאָס ברענגט דעמאָראַליזאַציע, אַנטוישונג, אַנטמוטיקונג

ביי די אידעאָלאָגן, וואָס מיינען גאַנץ ערנסט מיט זייערע רעצעפּטן. נישט נאָר דאָס, די רעוואָלוציע ברענגט נאָך אַנדערע קרבנות. אז מען האָקט דעם וואַלד פליען שפענער.

די טעותים פון חבר וו. באַשטייען, ערשטנס, דערין וואָס ער האָט באַטראַכט די מאָראַל נישט אַלס רעפלעקס פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אָדער עקאָנאָמישע געזעלשאַפטלעכע עפּאָכן, נאָר אַלס אָביעקט אַן און פאַר זיך; צווייטנס, דערין וואָס ער באַטראַכט די רעוואָלוציע נישט ווי אַ פּראָצעס פון קאַמף אויף דרויסן און אינעווייניק צווישן אירע אייגענע עלעמענטן, נאָר ווי אַ שפּרונג אַריבער פון איין אָרדענונג אין דער צווייטער, פון עכטן שלעכטס צו עכטן גוטס. און דעריבער, זיין פאַרלוירנקייט, דעריבער זיין מורא פאַר די שפּאַלטונגען צווישן די אַרבעטער־פּאַרטייען, אָדער בעסער געזאָגט צווישן די אידעאָלאָגן פון דער אַרבעטער באַפרייאונג.



